די ווערק פון היינריך היינע אין אכט בענד מיט
א ביאגראפיע פון ע. קאלישער און א פארווארט
פון דר. נ. סירקין, איבערזעצט פון: אייזלאנד ר.,
ביאליק ה. נ., באראכאוויטש, גראס נ., האלפערן
מ. ל., הערבערט ל. מ., לאנדוי ז. ליליפוט, מאני
לייב, עדעלשטאט ד., פרישמאן ד., פרץ י. ל.,
קיסין י., שווארץ י. י., שווייד מ., רייזען א.
און ראלניק י.



היינריך היינע.

אכטער באַנד:

# אַטאַ טראָל. — דייטשלאַנד.

אַרויסגעגעבען פון פערלאג „אידיש"
1918 ניו־יאָרק תרע"ח.

מאטא:

פאר דעם שוימרירענדען ווייסען געצעלט,
האט זיך דער פירשטליכער מאהר געשטעלט;
פונקט אזוי האט פון די וואלקענס ארוים
טהאר זיך באוויזען, גאר פינסטער און גרוים.
(„דער מאהרענפירשט פון
פערדינאנד פרייליגראט).

# פארעדע.

„אטא טראל“ איז ביי מיר ארויסגעקומען אין די שפעטער־
דיגע וואכען פון הערבסט 1841 און איז אין קלענערע אבשניטען
געדרוקט געווען אין דער „עלעגאנטע וועלט“, בעת מיין פריינד
לויבע האט ווידער איבערגענומען די רעדאקציע פון דער דאזיגער
צייטשריפט. דער אינהאלט און דער געבוי פון דעם געדיכט האַ־
בען געמוזט צוגעפאסט ווערען צו די שמאלע באדערפנישען פון
דער צייטשריפט: איך האב געשריבען נאר די דאזיגע קאפיטלען,
וועלכע עס איז געווען מעגליך צו דרוקען, און אויך די האבען גע־
מוזט אויסשטעהען געוויסע ענדערונגען. איך האב געהאט בדעה
שפעטער דאס ווערק צו פארפאלשטענדיגען און ארויסגעבען עס
אלס גאנצע, אבער איך בין געבליבען נאר ביי דער גוטער מחשבה.
עס איז אלזא מיט „אטא טראל“ צוגעגאנגען אזוי, ווי מיט אלע
גרויסע ווערק פון די דייטשען, צום ביישפיעל: דער קעלנ׳ער דאם,
דער שעלינג׳שער „גאט“, די פרייסישע קאנסטיטוציע און אזוי
ווייטער. --- ער איז עד היום ניט פארטיג געווארען. אט אין אזא
האלב פארטיגער געשטאלט, קוים אבגעשליפט און נאר אויסער־
ליך פארגלעט, גיב איך דאס היינט איבער דעם פובליקום: עס
טרייבט מיך דערצו עטוואס אזוינס, וואס קומט זיכער ניט ארוים
פון אינעווייניג.

## I.

ווי געזאגט איז „אטא טראל“ ארויסגעקומען אין הערבסט 1841, צו יענער צייט, ווען די גרויסע העצע, אין וועלכער עס האבען זיך געגעבען מיך פאראייניגט פיינד פון פארשיעדענארטיגסטע קאלירען, האט זיך נאך ניט געהאט איינגעשטילט. עס איז געווען א שרעקליכע העצע, און איך וואלט פריהער קיינמאל ניט געגלויבט, אז דייטשלאנד זאל ארויסברייננגען אזוי פיעל פוילע עפעל, וויפיעל עס האבען זיך דאן געשאטען אויף מיין קאפ. א געבענטשט לאנד איז אונזער פאטערלאנד! אמת, דא וואקסען ניט קיין ציטרינען און אפעלסינען: קוים, קוים קריכט ארויס וואו ניט וואו א פארקריפעלטער לארבער אויפ׳ן דייטשען באדען, — דערפאר אבער אויף פוילע עפעל איז ביי אונז, צום גליק, א גרויסע גערעטעניש, און אונזערע גרויסע דיכטער האבען אלע וועגען דעם געהאט צו זינגען און צו זאגען...

אין יענער העצע, וואו איך האב געזאלט פארלירען דעם קאפ מיט דער קרוין צוזאמען, האב איך קיין איינע פון די ביידע זאכען ניט פארלארען. די אונזיניגע באשולדיגונגען, מיט וואס מען האט אויפגערייצט געגען מיך דעם המון, זענען אויפ׳ן קלעגליכסטען אופן פארשטומט געווארען, אזוי, אז עס איז מיר פארשפארט געווען די טרחה פון אבלייקענען זיי. די צייט האט באוויזען מיין גערעכטיקייט, און די באטרעפענדע רעגיערונגען — איך מוז עס אנערקענען מיט דאנק, — האבען מיר אין דעם פרט אויך געטאן א טובה. ניט נאר אויפ׳ן דייטשען גרעניץ, נאר אויך אויף יעדער וויטערדיגער סטאציאן אין דייטשלאנד קוקט מען אוים די אויגען אויף דעם דיכטערס צוריקומען, אום צו ארעסטירען איהם לויט א באפעהל, וועלכער ווערט באנייט פון יאהר צו יאהר, און דוקא ארום די הייליגע צייט פון ווייהנאכטען, ווען אויף די קריסטבוימער בלישצען אזוי געמיטליך די לעמפלעך.

אזא אונזיכערהייט אויף די וועגען טרייבט מיר אב דעם חשק צו פאהרען קיין דייטשלאנד. דעריבער פייער איך מיינע ווייהנאכטען אין דער פרעמד, און איך וועל שוין אין דער פרעמד, אין גלות, פארענדיגען מיינע טעג.

אין דער זעלבער צייט זעהען מיר, אז די העלדישע קעמפפער

פאר ליבט און ווארהייט, וועלכע האבען מיך באשולדיגט אין שוואכמוטיקייט און גייסטיגער קנעכטשאפט, געהען ארום זיכער אין פאטערלאנד אלס גוט באצאהלטע שטאטס־דיענער, אלס מיוחסים פון א געוויסען צעך אדער אלס שטענדיגע איינגעהער פון א קלוב, וואו זיי קוויקען זיך יעדען אבענד אויף א העכסט פאטריאטישען אופן מיט פאטער ריין'ס וויינטרויבען־זאפט און מיט שלעסוויג־האלשטיינ'ישע אויסטערן.

איך האב מיט באזונדערער כונה אנגעמערקט, אין וועלכער צייט „אטא טראל" איז ענטשטאנען. דאמאלסט האט געבליהט די אזוי גערופענע פאליטישע פאעזיע. די אפאזיציע, ווי רוגע זאגט האט פארקויפט איהר לעדער און איז געווארען פאעזיע. די מוזען האבען געקראגען א שטרענגען באפעהל — פון יעצט אן ניט מעהר ארומצודרעהען זיך לייכטזיניג אהן א שטאך מלאכה, נאר מאכען זיך ניצליך דעם פאטערלאנד, — דארטען, אלס עסענווארג — פארזארגערינען אים דיענסט פון דער פרייהייט, אדער אלס וועשערינען — אין דיענסט פון דער קריסטליך־גערמאנישער נאציאנאליטעט. אין דעם דייטשען זינגער וואלד האט זיך אויפגעהויבען יענע אונפרוכטבארע, אונבאשטימטע התפעלות, יענער נעבעלהאפטער, נוצלאזער ענטוזיאזם, וועלכער, פאראכטענדיג דעם טויט, האט זיך מיט לייב און לעבען אריינגעווארפען אין דעם אוקיינוס פון אלגעמיינהייטען. דאס דערמאנט מיר אן דעם אמעריקאנער מאטראס, וואס איז אין אזא איבערמאס באגייסטערט געווען פאר גענעראל דזשעקסאן, אז ער איז איינמאל ארונטערגעשפרונגען פון דעם שפיץ פון א מאסטבוים אין ים אריין, אויסרופענדיג דערביי: „איך שטארב פאר גענעראל דזשעקסאן!" יא, מיר דייטשען, האבען נאך דאן ניט געהאט גאר קיין פלאט, אבער סיי אין פערזען, סיי אין פראזא האבען מיר געהאט גענוג מאטראסען, וואס זענען געשטארבען פאר גענעראל דזשעקסאן.

א טאלאנט איז דאמאלסט געוועזען ניט גאר קיין אנגענעהמע מתנה; זיין אייגענטימער האט מען חושד געווען אין כאראקטערלאזיקייט.

די אימפאטענץ, וועלכע האט שטענדיג מיט קנאה געקוקט

אויף די גרויסקייט פון זשעניע, האט, נאך טויזענד יאהריגען גריב־לען זיך, ענדליך אויסגעפונען א וואפען געגען איהם: דעם געגענזאץ צווישען טאלאנט און כאראקטער. די גרויסע מאסע האט זיך געפיהלט פערזענליך געשמייכעלט, ווען זי האט געהערט זאגען: גוטע — פרומע לייט זענען טאקי בכלל זעהר שלעכטע מוזיקאנטען, דערפאר די גוטע מוזיקאנטען זענען געוועהנליך ווינציגער פון אלץ גוט און פרום, אין דער וועלט אבער איז דער עיקר די גוטסקייט, ניט די מוזיק.

דער פוסטער קאפ האט אויף דעם סמך שטאלצירט מיט זיין פולער הארץ, און די געזינונג איז געווארען טרומפף. איך דערמאהן זיך אז א דאמאלסטיגען שרייבער, וועלכער האט גערעכענט, אז איהם קומט א דאנק דערפאר, וואס ער קען ניט שרייבען; פאר זיין הילצערנעם סטיל האט ער געקראגען א זילבערנעם עהרענבעכער.

גאט איז מיין עדות! עס איז דאמאלסט געווען די רעכטע צייט צו פארטרעטען די אונפארפערמדבארע רעכט פון דעם גייסט, באזונדערס אין דער פאעזיע. און אזוי ווי די דאזיגע פארטרעטערשאפט איז געווען די הויפט־באשעפטיגונג פון מיין לעבען, האב איך דאס נאטירליך ניט געקאנט ארויסלאזען פון אויג אויך ביי דעם דאזיגען געדיכט, וואס סיי נאך זיין טאן נאך, סיי נאכ'ן אינהאלט איז עס געווען א פראטעסט געגען די הערשענדע מיינונגען פון די דאמאלסטיגע צייטונגען.

און טאקי, שוין די ערשטע אבשניטען פון „אטא טראל", וואס זענען ערשיענען אין דרוק, האבען ביי די דאזיגע רוימער, מיינע כאראקטער־העלדען, ארויסגערופען א פארביטערונג, און זיי האבען מיך באשולדיגט ניט נאר אין ליטעראַרישער אבגעשטאנענקייט, נאר אויך אין געזעלשאפטליכער רעאקציע, אין חוזק מאכען פון די הייליגסטע אידעען פון דער מענשהייט.

וואס באלאנגט דעם עסטעטישען ווערט פון מיין פאעמע, האב איך איהם אין גאנצען געלאזען אויף הפקר, אזוי ווי איך טו דאס אויך יעצט. איך האב עס געשריבען פון מיין אייגענעם פארגניגען וועגען, אין דער פאנטאסטישער שטימונג פון יענער ראמאנטישער

שולע, וואו איך האב אנגענעהם פארבראכט מיינע יונגע יאהרען, ביז איך האב צום סוף אנגעבראכען די ביינער דעם לעהרער. פון הער עסטעטישער זייט איז מיין שיר פיעלייכט ווערטלאז. אבער דו לייגסט, ברוטוס, דו לייגסט, קאסיוס, און אויך דו, אסיניוס, לייגסט, ווען איהר ווילט איינשמועסען, אז מיין שפאט איז גע־ציעלט אויף יענע אידעען, וואס זענען ווירקליך דער טייערסטער אוצר, צו וועלכען די מענשהייט האט זיך מיט אזוי פיעל מיה דערשלאגען און פאר וועלכען איך אליין האב אזוי פיעל געקעמפט און געליטען. דוקא דערפאר, ווייל דער דיכטער האט פאר זיינע אויגען די אידעען אין זייער הערליכסטער קלארהייט און גרויס־קייט, נעמט איהם אן ניט ווילענדיג א געלעכטער, ווען ער זעהט, ווי אומגעלומפערט גראב און האמאטנע די דאזיגע אידעען ווערען אויפגענומען פון זיינע באשרענקטע צייט־גענאסען. עס איז אזוי ווי ער וואלט דא אבגעלאכט פון דער בערענהויט, וועלכע זיי האבען צייטווייליג אויף זיך אנגעטאן. עס איז פאראן אזעלכע שפיגלען, וואס זייער גלאז איז אזוי קרום געשליפען, אז אפילו אן אפאלא מוז אויסזעהען אין זיי ווי א קאריקאטור, וואס רייצט אונז צום לאכען. מיר לאכען דא אבער נאר פון דער פארקרימטער אבשפיג־לונג, ניט פון דעם גאט.

נאך א ווארט. דארף איך נאך באזונדערס מוסר מודעה זיין, אז מיט דער פאראדיע אויף א באוואוסטען גע־דיכט פון פרייליגראט, וועלכע ווארפט זיך דורך אין דעם „אטא טראל" און בילדעט אזוי צו זאגען זיין קאמישען אונטערשלאג, בין איך בשום אופן ניט אויסען געווען דעם דאזיגען דיכטער פוגע בכבוד צו זיין. פארקערט, איך שעץ איהם זעהר הויך, איך רעכען איהם פאר איינעם פון די באדייטענדסטע דיכטער, וועלכע זיינען זינד דער יול־רעוואלוציע אויפגעטראטען אין דייטשלאנד. די ערש־טע זאמלונג פון זיינע ליעדער האט זיך מיר געמאכט צו זעהן גאנץ שפעט, טאקי גראד אין דער צייט, ווען דער „אטא טראל" איז גע־שאפען געווארען. אפשר האט עס גראד מיין דאמאלסטיגע שטי־מונג גורם געווען, וואס דוקא דער „מאהרענפירסט" האט אויף מיר געמאכט אזא פרעהליכען איינדרוק. אגב לויבט מען טאקי ד א ס ווערק אלס דאס געלונגענסטע. פאר לעזער, וואס זענען מיט דעם

ווערק ניט באקאנט — און אזעלכע געפינען זיך אודאי אין כינא און יאפאן, אפילו אויף דעם טייך ניגער און סענעגאל — פאר זיי אייגענטליך וועל איך דא אנמערקען, אז דער שווארצער קעניג, וואס טרעט ארויס, אין אנפאנג פון דעם געדיכט, פון זיין ווייסען געצעלט, אזוי ווי א פאר'חושכ'טע לבנה, האט אויך א שווארצע געליעבטע, אויף וועמענס טונקעלען געזיכט עס הענגען אראב ווייסע שטרויספעדערן. קריעגעריש געשטימט, פארלאזט ער זי און געהט אוועק מיט נעגערם אין שלאכט, וואו עס הילכט א פויק, באהאנגען מיט מענשליכע שארבענם — אך, ער קריגט דארטען א שווארצע מפלה, פונקט ווי יענער העלד פון וואטערלאא, און די זיעגער פארקויפען איהם צו די ווייסע. יענע ברייננען צושלעפען דעם איידעלען אפריקאנער קיין אייראפא, וואו מיר טרעפען איהם אלס קנעכט ביי א קאמפאניע ארומוואנדערענדע רייטער און קונצענמאכער, וואס פלעגען אויף זייערע פארשטעלונגען אנטרויען איהם דעם טערקישען פויק. דא שטעהט ער, נעבאך, פאר'חושכ'ט און ערנסט, ביים אריינגאנג צום רייטפלאץ און האלט אין איין פויקען, דאך אין דער צייט, ווען ער פויקט, טראכט ער אויך וועגען זיין אמאליגער גרויסקייט, ער טראכט וועגען דעם, וואס ער איז אמאל געוועזן אן אבסאלוטער הערשער אויף דעם ווייטען טייך ניגער, און ער האט זיך דאן געיאגט נאך לייבען און טיגערם.

זיין אויג איז נאס ; און ער זעצט אין דער פעל
אזוי שטארק, אז זי צופלאצט אויפ'ן שטעל.

געשריעבען אין פאריז, אין דעצעמבער 1846.

# קאפיטעל I.

צווישען הויכע בערג און טונקלע
איינער העכער פונ'ם צווייטען,
און פון ווילדע וואסער־פאלען
איינגעוויגט, ווי אין א חלום,

ליגט אין טאל דאס עלעגאנטע
קאטארע. אויף די באלקאנען
פון די ווייסע הייזלעך שטעהען
שענע דאמען און זיי לאכען.

הארציג לאכען זיי און קוקען
אויף דעם טומלענדיגען מארק־פלאץ,
וואו עס טאנצען צו די קלאנגען
פון א דודעלזאק צוויי בערען.

טאנצען טאנצט דאס אטא טראל דארט
מיט זיין ווייב, דער שווארצער מומא,
און עס פרעהען זיך און יובלען
פון דעם וואונדער די באסקעזען.

אטא טראל, דער עדלער, ווירדיג
און אויך ערענסט האט צוטאנצט זיך,
נאר זיין ווייב, דער שווארצער מומא,
פעהלט אין גאנצען שוין די ווירדע.

איך בין גרייט אויך אנצונעמען,
אז זי הויבט אן קאנקאנירען;
די באוועגונגען די פרעכע
מיך אן Grande Chaumiere׳ רערמאנען.

ניט נאר איך, — דער בערענטרייבער,
וואס פיהרט אויף א קייט דאס פארעל,
האט באמערקט, אז אונמאראליש
טאנצט אצונד די שווארצע מומא.

אויפ׳ן הוט פון בערענטרייבער
שטעהען גאנצע זעקס מאראנען,
אז זיין קאפ פון שונא׳ס פיילען
אדער לייז זאל זיין באשיצט.

האט פארווארפען אויף די פלייצעס
אן אלטאר־דעק שטאט א מאנטעל,
דאך עס זעהען זיך פון מאנטעל,
א פיסטאל און אויך א מעסער.

א מאנאך איז ער געוועזען
און דערנאך — א רויבערהויפטמאן,
צו פארבינדען דאס אין איינעם —
נעהט ער דינען צו דאן קארלאס.

ווען דאן קארלאס מיט זיין גאנצער
סוויטע האט געמוזט אנטלויפען,
און די מייסטע פאלאדינען
מוזען ווערען בעלי־מלאכות —

(פאַן שנאַפּאַנסקי ווערט א שרייבער) —
ווערט א בערענפיהרער אונזער
גלויבענס־ריטער. און ער שלעפּט זיך
מיט צוויי בערען אַלץ ארום.

און ער צווינגט אויף מערק זיי טאַנצען,
אַטאַ טראַל׳ען און די מומאַ; —
אויפ׳ן קאַטאַרעער מארק־פּלאַץ
טאַנצט אין קייטען אַטאַ טראַל איצט.

אַטאַ טראַל, וואָס האָט אויף הויכע
בערג נאָר ביז אצונד געלעבט זיך,
ווי א שטאָלצער פירסט. א פרייער —
טאַנצט אין טאַל איצט פאַר׳ן פּעבעל.

און צוליעב א פּאָר מטבעות
טאַנצט ער פאַר׳ן פּאָלק אין מארק־פּלאַץ.
ער, וואָס פלעגט ניט לאַנג צוריק ערשט
שרעק אין אַלעמען דערוועקען.

און דערמאָנט ער זיך די יוגענד,
די פאַרלאָר׳נע הערשאַפט זיינע —
רייסט א טרויעריגעס ברומען
פון זיין הארצען זיך ארויס

טרויער׳דיג קוקט ער, פּונקט ווי יענער
מאהרען פירסט ביי פרייליגראַטען,
און ווי יענער שלעכט געפּויקט האָט,
טאַנצט ער שלעכט פאַר כעס אצונד.

דאָך קיין מיטגעפיהל זיין טרויער
וועקט ניט אויף, נאָר בלויז געלעכטער.
ס'לאכט זשוליעטא פון באַלקאָן איצט
קוקענדיג אויף זיין פארצווייפלונג.

אַ פראַנצויזין איז זשוליעטא,
האָט קיין הארץ ניט. אויסערליך בלויז
איז איהר לעבען, דאָך פאר'כישופ'ט
און ענטציקט איהר אויסערליכעם.

ס'איז אַ שטראַלען נעץ אַ זיסער
איהרע בליקען, אונזער האַרץ איז
לאַנג שוין אינ'ם נעץ געפאַנגען
און עס צאַפּעלט ווי אַ פישעל.

## קאפיטעל II.

אז עס נעמט ביי פריילינגראטען
יענער שווארצער פירסט פון מאהרען
פון גרויס בענקשאפט אן צו פויקען,
אז עס פלאצט די פויק פאנאנדער —

איז דאס אמת'דיג גאר ריהרענד,
ס'האט געקענט א פויק דערשרעקען —
שטעלט זיך אבער איצט א בער פאר,
וואס צוריסען האט די קייטען.

די מוזיק און דאס געלעכטער
אבגעהאקט איז גלייך געווארען,
ס'לויפט פאר שרעק דאס פאלק פון מארק-פלאץ
און עס ווערען בלייך די דאמען.

יא, ס'האט אטא טראל פון זיינע
קייטען זיך ארויסגעריסען;
דורך די ענגע, שמאלע געסלעך
לויפט ער, שפרינגט ער איצט א ווילדער.

העפליך טרעט איהם יעדער ס'ארט אב,
ער איז איצט שוין אויף די פעלזען,
קוקט ארונטער מיט א שמייכעל
און ווערט אין די בערג פארשוואונדען.

אויף דעם פּוסטען מאַרק־פּלאַץ בלײַבען
בלויז אַלײן די שוואַרצע מומאַ
און איהר פיהרער. מיט רציחה
וואַרפט ער אויף דער ערד זײַן פילץ־הוט.

און די אַלע זעקס מאַדאַנגען
טרעט ער מיט די פיס. א ווילדער
רײַסט פון זיך ס׳אַלטאַרען־טישטוך
און ער שילט די אונדאַנקבאַרקײט.

שוואַרצע בערען־אונדאַנקבאַרקײט!
האָט ער דען ניט אָטאַ טראַל׳ען
שטענדיג ווי אַ פרײַנד באַהאַנדעלט
און איהם טאַנצען אויסגעלערענט?

אַלעם דאַרף ער איהם פאַרדאַנקען,
און אפילו אויך זײַן לעבען;
האָט מען איהם ניט אָנגעבאָטען
הונדערט טהאַלער פאַר זײַן פעל?

ענדליך אויף דער שוואַרצער מומאַ,
וועלכע, אויף די הינטערפיס איז
בעטענדיג פאַר איהם געשטאַנען —
לאָזט ער אויס זײַן גאַנצען כעס.

און ער הויבט איהר אָן צו שלאָגען,
שלאָגט און שלאָגט איהר אָהן אָן אויפהער.
רופט איהר קעניגין כריסטינע,
און פרוי מונאַץ און פּוטאַנאַ. — — — —

אין א שעהנעם זומעראווענד
איז דאָס אלעם זיך פארלאָפען,
און א הערליכע געקומען
איז נאָך יענעם טאָג די נאכט.

כ'האָב א האלבע נאכט פארבראכט דאָן
שטעהענדיג אויף א באלקאָן מיר,
ס'איז געווען מיט מיר זשוליעטא
און באטראכט האָט זי די שטערען.

זיפצענדיג זאָגט זי: „די שטערען
זענען אין פאריז אם שענסטען,
ווען זיי אין א ווינטער-אָווענד
שפּיגלען אב אין גאסען-קויט זיך."

## קאפיטעל III.

זומער־נאכט חלומות! ס'ליעד מיינס
איז פאַנטאַסטיש און ס'איז צוועקלאָז.
יאָ, ס'איז צוועקלאָז, ווי די ליעבע,
ווי דער שעפּפער און די שעפּפונג.

בלויז פאר אייגענער פארוויילונג
אין דעם לאנד פון מערכען, פּאבלען
גאַלאָפּירט אום און ער פליהט אום
מיין פּעגאזוס גיך און גיכער.

ר'איז קיין ניצליך טוגענדהאפטער
שלעפּ־פערד פונ'ם בירגערטום ניט;
ר'איז קיין שלאכט־פערד פון פארטיי־האס,
וואָס פּאטהעטיש הירזשעט, בריקעט.

ס'איז מיין וויים־געפליגעלט פערדעל
מיט'ן ריינסטען גאָלד געשמידט;
און פון פערל זיינע לייצעס,
און איך לאָז איהם רוהיג לויפען.

טראג מיך, טראָג מיך, וואו דו ווילסט נאָר,
טראָג מיך דורך די בערג די שטילע,
וואו מיט קולות די קאסקאדען
פאר דעם טיפען אבגרונד ווארנען.

טראַג מיך, טראַג מיך, וואו דו ווילסט נאַר,
טראַג מיך דורך די שטילע טאַלען,
וואו עס קלינגען, וואו עס רוישען
אוראַלט־זיסע מערכען קוואַלען.

לאַז מיך אַנטרינקען זיך דאַרטען,
לאַז מיר פייכט מאַכען די אויגען.
אַ, איך לעכץ נאָך ס'וואונדער־וואסער,
וואס קען אַלץ פאר מיר ענטפלעקען.

מיידט אוים יעדע בלינדקייט! ס'אויג מיינס
דרינגט אצונד דורך אַלע בערג דאַ,
דרינגט אין הייל פון אַטאַ טראַל'ען,
און זיין שפּראַך איז מיר פאַרשטענדליך.

זאַנדערבאר! ווי ס'קלינגט פאַרשטענדליך
מיר אצונד די שפּראַך פון בערען!
ווי ב'וואָלט אין מיין היים דער טיי'רער
אַפּט געהערט די זעלבע קלאַנגען.

## קאפיטעל IV.

ראנסעוואל, דו טאל פון עהרע!
קוים דערהער איך נאר דיין נאמען,
הויבט אין הארצען ווידער בליהען
די פארוועלקטע בלויע בלום!

ס'וואכט אויף ס'ניי פאר מיר א וועלט אויף,
וואס איז שוין פון לאנג פארשוואונדען,
ס'קוקען אן מיך גייסטער־אויגען,
אז איך ווער אזוי דערשראקען.

כ'הער דעם קלאנג פון שווערדען! ס'קעמפען
סאראצען און פראנקענריטער;
ווי פארבלוטענדיג, אהן האפנונג
קלינגען ראלאנדס הארנרופען.

אין דעם ראסענוואלער טאל,
פון דעם ראלאנדס־שפאלט גאר נאהענט —
ס'האט אזוי דאס ארט געהייסען,
וויל, אום זיך א וועג צו מאכען.

האט דער העלד אמאל גענומען
אין דער האנד דעם שווערד דוראנדא
און א זעץ געטהאן, אז איצט נאך
זעהסטו אויפ'ן פעלד דעם צייכען. —

דאַרטען, אין דעם טיפען פעלז־שפּאַלט,
וואָס פאַרבאָרגען איז אין גאַנצען
מיט א וואַלד פון ווילדע טאַנען,
ליגט די הייל פון אַטאַ טראָל׳ען.

אין׳ם קרייז פון זיין פאַמיליע
רוהט ער אויס זיך פון דער שווערער
רייזע איבער די פאַרשיד׳נע
פעלקער, לענדער און מדינות.

אָ, ווי זיס איז ס׳ווידערזעהן זיך!
ס׳זענען אין דער הייל געוועזען
די פיער זיהן און די צוויי טעכטער,
וואָס געבאָרען האָט איהם מומאַ.

פונקט ווי פּאַסטאָרישע טעכטער
זענען בלאָנד די בערען־מיידלעך,
גרוי די זיהן, און נאָר דער אינגסטער,
וואָס האָט בלויז איין אוי׳ר, איז שוואַרץ.

ר׳איז געווען אמאָל דער ליעבלינג
פון זיין מוטער. אָבגעביסען
האָט זי שפּילענדיג זיין אויער
און פאר ליעבע אויפגעפרעסען.

א געניאלער יונגלינג איז ער,
ר׳איז בעגאבט זעהר אין גימנאַסטיק,
און ער קען זיך איבערקוליען
ווי דער קונצענמאכער מאַסמאַן.

קריגענדיג אין הויז זיין בילדונג,
האָט ער ליעב די מוטער־שפּראַך גאָר,
און ער לערענט דעם זשאַרגאָן ניט
פון די רוימער און העלענען.

לעבט זיך מונטער, פריי און פרעהליך,
און ער טראָגט צו זייף א שנאָה,
אָט צו דעם מאָדערנעם לוקסוס,
ווי דער קונצענמאַכער מאַסמאָן.

אַם געניאַלסטען איז דער יונגלינג,
ווען ער קלעטערט אויף די בוימער,
קריכענדיג פון הייל דעם טיפען
ביז צום אָרט דאָרט, צווישען פעלזען,

וואו עס זאמלען אָוונד־צייט זיך
ארום אַטאַ טראָל די קינדער,
און אין שטילקייט פונ׳ם אָווענד
שמועסען מיט איהם זיך איבער.

און ס׳דערצעהלט דער אַלטער גערן,
וואָס ר׳האָט דורכגעלעבט אין וואנדערן,
וויפיעל שטעדט געזעהן און מענשען
און וויפיעל ער האָט געליטען.

ווי דער עדלער לאַערטיאַדער,
בלויז אַן אונטערשיד אין דעם איז,
אַז די שוואַרצע פּענעלאָפּע
האָט מיט איהם געררייזט צוזאמען.

און ס׳דערצעהלט זיי אַטאַ טראַל אויך
פון ערפאַלגען קאַלאַסאַלע,
וואָס ער האָט ביז איצט געהאַט פיעל
ביי די מענשען מיט זיין טאַנצען.

ער פאַרזיכערט, אַז באַוואונדערט
האָבען, יובלענדיג, איהם אַלע,
יונג און אַלט, ווען אויף ירידן׳ען
פלעגט ער אָנהויבען צו טאַנצען.

און באַזונדערס גאָר די דאַמען —
זיי פאַרשטעהען דאָך אַם דינסטען —
האָבען הילכיג אַפּלאַדירט איהם
און איהם אייגלעך צוגעוואָרפען.

אָ, דו קינסטלערישע עהרגייץ!
שמייכלענדיג דער אַלטער טאַנצבער
טראַכט פון יענע טעג, ווען ווייזען
פלעגט ער זיך אויף די יריד׳ען.

און פון זיך אליין באַגייסטערט,
וויל ער אויפ׳ן אָרט באַווייזען,
אַז ער איז ניט בלויז אַ פּלאַפּלער,
נאָר אַ ווירקליך גרויסער קינסטלער.

שפּרינגט ער פון דער ערד אויף פּלוצים,
אויף די הינטער־פיס זיך שטעלט ער,
און ער הויבט זיך אָן צו דרעהען,
ווי ער פלעגט עס טהאָן פאַר מענשען.

שטום, מיט מיילער ברייט געעפענט,
קוקען צו די קליינע בערלעך,
ווי אין שיין פון דער לבנה
שפרינגט אום הין און הער דער פאטער.

## קאפיטעל V.

אין דער הייל א טרויעריגער
אטא טראל ליגט אויפ'ן רוקען;
טראכטענדיג זויגט ער די נעגעל,
זויגט די בעגעל און ער מורמעלט:

„מומא, מומא, שווארצער פערל,
אין דעם לעבענס־ים געפאנגען
האב איך דיך, און איצט שוין ווידער
אין דעם לעבענס־ים פארלארען.

„וועל איך דיך אמאל נאך זעהן דא?
צי אויף יענער זייט פון קבר,
וואו זיך לייטערט די נשמה,
וועל איך דיך אמאל ערשט טרעפען?

„אך, ווי וואלט זיך מיר נאך וועלען
לעקען איינמאל כאטש דעם ווײדעל
פון מיין מומא. ער איז זיס דאך,
ווי מיט האניג א באשמירטער.

„ס'ווילט זיך מיר אמאל נאך שמעקען
יענעם אייגענטליכען ריח
פון מיין טיי'רער שווארצער מומא,
וואס איז גלייך צום דופט פון רויזען.

„אבער, אך, עס שמאכט דאָך מומא
ערגעץ אויף א קייט א שווערער
ביי דעם מין, וואס רופט זיך מענש,
און איז שטאָלץ נאָך מיט'ן נאָמען.

„זייט פארשאָלטען! אָט די מענשען,
אָט די ערד־אריסטאָקראטען,
קוקען אויפ'ן גאנצען טיער־רייך
פון דער הויך און פרעך ארונטער.

„רויבען ווייבער אונז און קינדער,
פאַנגען אונז און אויף דער'הרג'נען,
אום צו קענען פיהרען האנדעל
מיט דער פעל נאָך אונזער טויט.

„און זיי גלויבען, אז בארעכטיגט
זענען זיי צו אַזאַ אונרעכט,
און דער עיקר געגען בערען —
מענשענרעכט הייסט דאָס ביי זיי נאָך!

„מענשענרעכט! אַ, מענשענרעכט!
זאָגט, ווער האָט עס אייך געגעבען?
זיכער האָט עס די נאַטור ניט,
זי איז דאָך ניט אונאַטירליך.

„מענשענרעכט! אַ, זאָגט, ווער גיט דאָס
אייך אזוינע פריווילעגיען?
זיכער טוט עס די פארנונפט ניט,
זי איז דאָך ניט אונפארנינפטיג.

„זאָגט, דערפאר זייט איהר דאָס בעסער
פון די חיות, ווייל די שפייזען
בראָט איהר, קאָכט איהר און איהר פרעגעלט
און מיר עסען רויהערהייט זיי?

„איז דער רעזולטאט צום סוף דען
ניט דער זעלבער? ס'קען זיך רעכנען
פאר אַן עדעלמאַן בלויז יענער,
וועלכער פיהלט און האנדעלט עדעל.

„זאָגט, דערפאר זייט איהר דאָס בעסער
ווייל איהר זייט באקאנט מיט פיעלע
קונסטען, וויסענשאפטען? זענען
דען די חיות איגנאָראנטען?

„איז ניטאָ געלערנטע הינד דען?
קענען דען די פערד ניט רעכנען
פונקט ווי די קאמערציענראטען?
קענען האָזען דען ניט פויקען?

„האָבען ניט אין הידראָסטאטיק
זיך די ביבער'ס אויסגעצייכענט?
דארף מען בושלען ניט פארדאנקען
די ערפינדונג פון קליסטירען?

„שרייבען אייזלען ניט קריטיקען?
שפּילען אפען ניט טעאטער?
ווער קען אין דער קונסט פון מימיק
זיך פארגלייכען מיט באַטאַוויען?

„זינגען ניט די נאכטיגאלען ?
איז ניט פרייליגראט קיין דיכטער ?
ווער באזינגען קען די ליידען
אזוי גוט ווי ס'טהוט דער קעמעל ?

און אליין האב איך דאס טאנצען
צוגעבראכט צו א מדרגה
ווי הערר ראומער האט דאס שרייבען —
שרייבט ער בעסער ווי איך טאנץ ?

„זאגט, מיט וואס זייט איהר דאס בעסער ?
אמת, איהר טראגט אויפגעהויבען
איי'רע קעפ, דאך אין די קעפ דארט
קריכען ניד'ריג די געדאנקען.

„זאגט, דערפאר זייט איהר דאס בעסער
פון אונז חיות, ווייל די פעל איז
גלאט ביי אייך ? איז דאך ביי שלאנגען
גלאטיג אויך די פעל און גלאנציג.

„שלאנגען אויף צוויי פיס ! מיר ווייסען
וואס אייך צווינגט צו טראגען הויזען !
איהר מיט פרעמדען וואל פארדעקען
ווילט איי'ר שלאנגען־נאקעטקייט.

„קינדער ! היט זיך געגען יענע
גלאטע הארלאזע נפשות !
טרוי ניט, טאכטער מיינע, קיינמאל
יענעם א ו נ ט י ע ר אין די הויזען !"

ווייטער וויל איך ניט דערצעהלען,
ווי עס האָט דער בער דער פּרעכער,
ווילענדיג באַקומען גלייכהייט,
רעזאַנירט אויף אַלע מענשען.

סוף כל סוף בין איך אַ מענש דאָך,
און מיר וואָלט זיך גאָר ניט וועלען
נאָך אַמאָל איצט ווידערהאָלען
די באַליידיגונגען אַלע.

יאָ, איך בין אַ מענש און בעסער
בין איך פון די אַלע חיות;
און מיט וואָס איך בין באַשאַנקען
פון געבורט — טרעט איך ניט אָב.

און אין קאַמף מיט אַנד'רע בעסטיען,
וועל איך שטענדיג מוטיג קעמפען
פאַר דער מענשהייט און פאַר איהרע
אַלע רעכט און פּריווילעגיען.

## קאפיטעל VI.

אפשר וועט עס דאך זיין ניצליך
פאר'ן מענשען, וואס איז העכער
פון די חיות, ער זאל וויסען,
וואס עס ווערט גערעדט דא אונטען.

יא, דא אונטען, אין די ווילדע
פינסטער־טרויעריגע ספערען
פון די נידעריגע חיות
נעהרט זיך קנאה, האס און עלענד.

וואס עס איז דורך דער געשיכטע,
דורך נאטור און דורך געוואהנהייט
שוין יאהרטויזענדער פארהייליגט —
פרעך ווערט אויסגעלאכט דא אונטען.

פון די אלטע ווערט די יוגענד
אנגעשטעקט מיט פאלשער לעהרע,
וואס איז א געפאהר א גרויסע
פאר דער מענשליכער קולטור.

„קינדער" — מורמעלט אטא טראל בייז
דרעהענדיג זיך אהן און אויפהער
אין מאטראצענלאזען בעט —
„קינדער, אונז געהערט די צוקונפט."

„ווען מיין מיינונג זאָלען טיילען
אלע בערען, אלע חיות,
וואָלטען מיר געקענט צוזאמען
לייכט באזיגען די טיראַנען.

„זאָלען פריינד זיין פערד און עבער,
זאָל דער עלעפאנט מיט ליעבע,
ווי א ברודער, אויף די הערנער
פון אן אָקס זיין נאָז פארדרעהען.

„זאָלען אלע וועלף און בערען,
בעק און האָזען און די אַפען
קעמפען בלויז א צייט צוזאמען —
און מיר וועלען באלד זיין זיגרייך.

„איינהייט! דאָס איז וואָס מיר דארפען!
זייענדיג באזונדער, ווערען
מיר פארפאָלגט, און נאָר פאראייניגט
קענען מיר דעם פיינד באזיגען.

„איינהייט! און מיר וועלען זיגען!
ס'פאלט די מאכט פון עקעלהאַפטער
מאָנאָפּאָל! און גלייך מיט יושר
הויבען חיות אָן רעגירען.

„ס'וועט דאָס גרונדגעזעץ זיין גלייכהייט,
פאר באשעפענישען אלע,
אָהן אן אונטערשיד פון גלויבען,
פון קאָליר, געררוך און פעל.

„שטרענגע גלייכהייט! אייזלען קריגען
אין דעם שטאַאט די העכסטע עמטער,
און די לייבען ווערען מוזען
שלעפּען צו דער מיהל די זעקלעך.

„און וואס אנבעלאנגט די הינד,
זענען זיי, באמת, כלבים,
ווייל ס׳באהאנדלען זיי די מענשען
שוין יאהר־טויזענדער ווי כלבים.

„דאָך אין אונזער שטאַאט דעם פרייען
וועלען מיר צוריק זיי געבען
ווידער זיי׳רע רעכט די אלטע,
און זיי וועלען זיך פארעדלען.

„און עס וועלען אויך די אידען
פולע בירגער־רעכט באַקומען,
און זיי וועלען גלייך בארעכטיגט
זיין מיט אלע אנד׳רע חיות.

„דאָך דאָס טאַנצען אויף יריד׳ען
דארף די אידען זיין פארבאָטען;
דעם אמענדעמענט איצט מאַך איך,
ווייל איך שרעק זיך פאר מיין קונסט.

„דען אַ זין פאר סטיל, פאר שטרענגע
פּלאַסטיק פון באוועגונג פעהלט דאָך
יענער ראַסע, און פארדאַרבען
קענען זיי ס׳געשמאַק פון פאָלק.“

## קאפיטעל VII.

טרוי'ריג אין דער טרויעריגער
הייל, אין קרייז פון זיין פאמיליע
אטא טראל דער מענשענפיינד ליגט
און ער ברומט דורך זיינע ציינער:

„מענשען! העסליכע קאנאליען!
איהר מעגט לאכען! דאך דער טאג קומט
ווען מיר וועלען זיך באפרייען
פונ'ם יאך און פון געלעכטער.

„און וואס ס'ערגערט מיך אם מעהרסטען
איז דאס זויער זיסע צוקען
פון די מיילער — אונערטרעגליך
איז מיר ס'מענשליכע געלעכטער!

„ווען נאר אויף א ווייסען פנים
זעה איך דאס פאטאלע צוקען,
פיהל איך, ווי עס נעמען דרעהען
אין מיין בויך זיך די געדערים.

„פיעל נאך קלארער ווי דורך ווערטער
ווייזט ארוים זיך דורכ'ן לאכען,
ווי עס זענען פרעך די מענשען,
ווי זיי זענען טיף פארדארבען.

„שטענדיג לאכען זיי! אפילו
וואו די אנשטענדיגקייט פאָדערט
ערענסט זיין — יאָ, אין דער ליעבעס
פייערליכסטען אויגענבליק!

„שטענדיג לאכען זיי! זיי לאכען
אויך ביים טאַנצען, און פארשוועכען
דאָך דערמיט די קונסט די גרויסע,
וואָס א קולט געזאָלט האָט בלייבען.

„יאָ, דער טאַנץ אין אלטע צייטען
איז געווען אַן אקט פון גלויבען,
און מיט הייליגקייט די פריסטער
פלעגען טאַנצען ביים אַלטאַר.

„און געטאַנצט אויך פאר דעם אָרון
האָט אמאָל דער קעניג דוד;
ס'טאַנצען איז געווען א בעטען,
אזא דאווענען מיט די פיס.

„אויך אזוי האָב איך פארשטאַנען
ס'טאַנצען, ווען אויף די יריד'ען
פלעג איך פאר'ן פאָלק זיך ווייזען,
קריגענדיג דעם גרעסטען בייפאל!

„אָ, דער בייפאַל! — כ'בין זיך מודה
ר'איז מיר אנגענעהם געוועזען.
ס'איז דאָך זים דעם שונא צווינגען
ער זאָל זיך מיט דיר ענטציקען.

„אַבער אויך אין דער באַגייסטערונג
לאַכען זיי, און ס'איז אַנמעכטיג
אויף די טאַנצקונסט זיי צו בעסערען
און לייכטזיניג בלייבען זיי.“

## קאפיטעל .VIII

פיעלע טוגענדהאפטע בירגער
שמעקען שלעכט אויף אונזער ערד
אין דער צייט, ווען פיעלע שקלאפען
דרעהען אום זיך פערפומירטע.

וויפיעל אונשולדיגע מיידלעך
וואשען זיך מיט שלעכטע זייפען,
אין דער צייט ווען ס'געהט די זינד אום
מיט פערפומען אבגעגאסען.

אַ, דערפאר פארדרעה די נאָז ניט,
ליעבער לעזער, אויב ס'דערמאָנט ניט
דיך די הייל פון אטאַ טראַל'ען
אָן די בשמים פון אראַביען.

דו פארבלייב מיט מיר צוזאמען
אין דער הייל דער שטיקענדיגער
און פארנעהם די אלע ווערטער,
וואָס דער העלד זאָגט צו זיין זוהן:

„קינד, מיין קינד, דו יונגסטע שפראָצונג
פון די לענדען מיינע, לעג צו
צו מיין מויל אצונד דיין אויער
און פארנעם מיין ערענסט וואָרט.

„ווייך פון מענשליכע געדאנקען,
זיי פאר׳סם׳ען לייב און זעלע.
שווער צו טרעפען צווישען מענשען
איז אן אַרענטליכען מענש.

„און אפילו אויף די דייטשען
זיי, די בעסטע שוין פון אלע ;
זיי, די אורעלטערען אונז׳רע —
זענען אויך שוין גוט פאַרדאַרבען.

„אַהן א גאַט און אַהן א גלויבען,
פרעדיגען דעם אטעאיזם ;
קינד, מיין קינד, יאַ, היט זיך אַב
פון דעם פייערבאך און באוער.

„זאָלסט קיין אטעאיסט ניט ווערען,
זיי קיין אונבער ניט, אַהן עהרפורכט
רעד פון שעפּפער ניט — איין שעפּפער
האָט באשאפען אונזער וועלט־אַל.

„האָט באשאפען זון, לבנה
און די שטערען — די אַהן עקען,
גלייך ווי די וואָס האָבען עקען —
זאָגען עדות אויף זיין מאכט.

„און די ערד און אויף די ים׳ען
זענען עכאָס פון זיין גרויסקייט,
די באשעפענישען אלע
זינגען לויב־געזאנגען איהם.

„און די קלײנע לױז אפילו
אין דער גרױער באָרד פון פּילגער,
זי שטעהט אױך ניט אָב פון אלע —
זינגט א ליבּ־געזאַנג צום שעפּפער.

„אין דעם שטערן־צעלט דאָרט אױבען
אױף דעם גאָלדנעם כסא־כבוד
װעלט־רעגירענד, מאיעסטעטיש
זיצט אַ קאָלאָסאָלער אײז־בּער.

„שנעע־װײס גלאַנצענדיג, אָהן פלעקען
איז זײן פעלץ, פון דיאַמאַנטען
צירט זײן קאָפּ א קרױן א גרױסע,
װאָס דורך אלע הימלען לײכט.

„אין זײן פּנים — האַרמאָניע
און די שפּורען פון׳ם דענקען,
מיט׳ן סצעפּטער גיט אַ ריהר,
און די ספערען זינגען, קלינגען.

„בײ די פיס איהם זיצען שטיל
בערען הײליגע, װאָס האָבען
פיעל געליטען און זײ האַלטען
אין די לאַפּעס זײר׳ע פּאַלמען.

„טײלמאָל שפּרינגען זײ דאָרט אױף
װי פון הײל׳גען גײסט געװעקטע
און דעם פײערליכסטען הױכטאַנץ
הױבּען זײ דאָרט אָן צו טאַנצען —

„הויכטאַנץ! וואו דער שטראַל פון גנאַד
מאכט אונויטיג דעם טאַלאַנט שוין
און פון זעליגקייט צו רייסען
נעמט זיך פון דער הויט די זעל.

„וועל איך ווען, אונווירדיגער,
אַזאַ גנאַד אַמאָל געניסען?
וועל איך פון דער טריבער ערד
איבערגעהן צום רייך פון פריידען?

„און אליין וועל איך נאָך ווען
אויבען אין געצעלט פון שטערען
מיט דער גלאָריע, מיט דער פּאַלמע
טאַנצען פאַר'ן הערר'ס טראָן?

## קאפיטעל IX.

ווי א צונג א שארלאכרויטע,
וואס דער מאהרען־פירסט דער שווארצער
אפטמאל פלעגט מיט א פאראכטונג
ווייזען פון זיין פינסטער מויל —

אזוי ווייזט זיך די לבנה
פון דעם דונקלען וואלקען־הימעל;
פון דער ווייט די וואסער־פאלען
רוישען אין דער נאכט אהן אויפהער.

אויפ׳ן שפיץ פון ליעבלינגס־פעלז שטעהט
אטא טראל אצונד זיך איינזאם,
און ער שרייט אזוי ארונטער
אין דעם נאכט־ווינד, אין דעם אבגרונד:

„יא, איך בין א בער, איך בין עס
פעץ און איזיגרים, און ברומבער,
און די אלע, גאט וויים וויפיעל
נעמען, וואס איהר רופט מיך אן!

„יא, איך בין א בער, איך בין עס,
יא, דאס בין איך יענע בעסטיע,
אומגעלומפערטע און גרויסע,
וואס עס מאכט אזוי אייך לאכען.

כ׳בין דער ציעל פון איי׳רע וויצען,
איך בין דער, מיט וועמען איי׳רע
שלעכט ערצויגענע, ניט גוטע
קינדער שרעקט איהר אפט ביי נאכט.

„יאָ, איך בין דאָס שפּאַט־בילד פון די
אלע איי׳רע באבע־מעשיות,
און איך שריי עם הויך ארונטער
אין דער מיאום׳ער מענשענוועלט:

„כ׳בין א בער, איהר מעגט עס הערען,
און איך שעם זיך מיט מיין שטאַם ניט,
כ׳בין נאָך שטאָלץ, פונקט ווי כ׳וואָלט שטאַמען
גאָר פון משה מענדעלסאָנ׳ען!“

## קאפיטעל X.

צוויי געשטאלטען ווילד אין אויסזעהן,
קריכענדיג אויף אלע פיער,
ברעכען דורך א וועג אין טונקלען
טאנען־וואלד אין מיטען נאכט.

דאס איז אטא טראל דער פאטער
און זיין זוהנדעל, יונקער  א י י נ א ו י ׳ ר,
און זיי זענען שטעהן געבליבען
ביי א בלוט־שטיין אינ׳ם וואלד.

„אט דער שטיין" — ברומט אטא טראל בייז —
„אן אלטאר איז, וואו דרואידען
אין דער צייט פון אבערגלויבען
פלעגען מענשען אפפער ברענגען.

„גרויל, א, גרויל, דו שוידערהאפטער!
ווען כ׳דערמאן זיך, אין גאס׳ם עהרע
איז געווארען בלוט פארגאסען —
שטעלען זיך די האר קאפויר מיר.

„אמת, איצט שוין אויפגעקלערטער
זענען מענשען, און אין ליעבע
צו דעם הימעלס אינטערעסען
טויטען זיי ניט איינס דאס צווייטע.

„ניט קיין רעליגיעזער וואַהנזין,
און אויך ניט קיין פאַנאַטיזם
מאכט זיי זאָלען איצט זיך מאָרדען,
נאָר דער איינער אייגענגנוץ.

„נאָך די אוצרות פון דער ערד
יאָגען אלע, איילען אלע,
און זיי שטיקען איינס דאָס צווייטע —
יעדער גנב'עט בלויז פאר זיך!

„יאָ, דאָס וואָס באלאנגט צו אלע,
וויל א יעדערער פארכאַפּען,
און פארכאַפּט ער עס, דאַן רעדט ער
וועגען רעכט פון אייגענטום.

„רעכט פון אייגענטום! אַ, ליגען!
אַ, גנבה! אַ, רציחה!
אזאַ ליגען, אזאַ פאלשקייט
קענען מענשען בלויז באשאפען!

„ס'האָט פאר אייגענטימער קיינמאָל
די נאַטור אונז ניט באשאפען!
אונזער לייב איז דאָך אַהן טאַשען
ווען מיר קומען אויף דער וועלט.

„ווער פון אונז איז אַנגעקומען
אויף דער וועלט מיט זעק אזוינע,
אז ער זאָל אין זיי באהאלטען
אלע די גנבות זיינע? —

„קיינער! נאָר דער מענש דער גלאַטער
וואָס אין וואָל אין פּרעמדען קינסטליך
קליידט זיך, האָט געזעהן אויך קינסטליך
זיך מיט טאַשען צו באַזאָרגען.

„אַ, די טאַשען! אונאַטירליך
זענען זיי, ווי ס׳אייגענטום איז,
ווי דאָס רעכט פון דעם באַזיצער!
אַ, איהר קעשענע גנבים!

„אַ, ווי כ׳האָס זיי! איבערגעבען
וויל איך דיר, מיין זוהן, דעם האָס:
זאָלסט אויף דעם אַלטאַר מיר שווערען
שנאה אייביגע צום מענשען.

„זיי דער פיינד פון יענע ביטרע
אונטערדריקער, און קיין שלום
זאָלסט מיט זיי קיינמאָל ניט מאַכען —
שווער אין דעם מיר, זוהן דו מיינער!“

ס׳שווערט דער אינגלינג, ווי אמאָל האָט
האַניבאַל. און די לבנה
האָט דעם אַלטען שטיין באַלויכטעט
און די ביידע מיזאַנטראָפּען.

שפּעטער וועלען מיר דערצעהלען,
ווי זיין שבועה טריי געבליבען
איז דער אינגלינג. איהם פּאַרעהרען
וועלען מיר אין צווייטען עפּאָס.

אַטא טראַל׳ען וועלען מיר אויך
איצט אין גאַנצען איבערלאַזען,
אַז מיר זאַלען מיט א קויל איהם
קענען שפּעטער בעסער טרעפען.

דיינע אונטערזוכונגס־אקטען,
הויכפאַרעטער געגען מענשען,
זענען שוין אצונד געשלאָסען —
מאָרגען וועסטו זיין גע׳משפּט.

## קאפיטעל XI.

ווי פארשלאפ׳נע באיארערען
זעהען אוים די בערג, זיי שטעהען
אין די ווייסע געבעל־העמדער,
וואס דער מארגען־ווינד באוועגט.

דאך דער זונענגאט האט באלד זיי
אויפגעמונטערט; רייסט די לעצטע
העמד ארונטער און באשטראהלט האט
זייער נאקעטיגע שענהיים.

כ׳בין באגינען מיט לאסקארען
אויף א בערען־יאגד געגאנגען,
און אין מיטאג־צייט געקומען
זענען מיר צו Pont d'Espagne

ס׳האט אזוי די בריק געהייסען,
וואס פון פראנקרייך פיהרט נאך שפאניען,
נאך דעם לאנד, וואס איז אויף טויזענד
יאהר פון אונז צוריקגעשטאנען.

טויזענד יאהר צוריק געשטאנען
איז דאס לאנד פון וועסט־בארבארען,
מיינע אייגענע בארבארען —
בלויז אויף הונדערט אבגעשטאנען.

כ׳האָב אַ טרויריגער פאַרלאָרען
דיך, אַ, גרוים און הייליג פראַנקרייך,
דיך, אַ, פאַטערלאַנד פון פרייהייט
און פון פרויען, וואָס כ׳האָב ליעב.

אין דער מיט פון **Pont d'Espagne**
זיצט אַן אָרמער שפּאַניער, עלענד
קוקט אַרוים פון זיינע אויגען
און פון לעכער פון זיין מאַנטעל.

קנייפּט אַן אַלטע מאַנדאָלין
מיט די דינע מאָג׳רע פינגער,
און עס ענטפּערען איהם אָב,
שפּעטענדיג פון איהם, די היילען.

טיילמאָל מיט אַ ווילד געלעכטער
בויגט ער זיך אַראָב צום אַבגרונד,
און דערנאָך מיט נאָך מעהר ווילדקייט
לאַכט ער און ער זינגט דערביי :

„אין דער מיטען פון מיין הארצען
שטעהט אַ קליין און גאָלדען טישעל,
און אַרום דעם גאָלד׳נעם טישעל
שטעהען גאָלדענע פיער שטוהלען.

„אויף די גאָלדענע פיער שטוהלען
זיצען זיך אַצונד פיער דאַמען
אין שיניאָן. זיי שפּילען קאַרטען,
אָבער קלאַרא בלויז געווינט.

„זי געווינט און שמייכעלט ביטרע,
„אך, אין הארצען מיינעם, קלארא,
ווערסטו אלע מאל געווינען —
דען דו האסט דאך אלע טרומפען.“ —

כ׳זאג צו זיך, ווען כ׳געה מיר ווייטער:
זאנדערבאר איז, ווי דער וואהנזין
זיצט און זינגט זיך אויפ׳ן בריק דא,
וואס פון פראנקרייך פיהרט נאך שפאניען:

פון אידעען־טויש פוןביידע
לענדער איז דאס דער סימבאל ניט?
אדער איז ער בלויז פון שפאניען
דאס פאריקטע טיטעל־בלאט?

אבענד־צייט ערשט קומען מיר אן
צו א קלעגליכער פאסאדע,
וואו עס דאמפט זיך אין ניט ריינע
שיסלען אלעא־פאטרידא.

כ׳עס זיך אן דארט מיט גארבאנצעס
שווער און גרויס ווי ביקסען קוילען,
וועלכע זענען פאר׳ן מאגען
פון א דייטש אויך אונפארדייליך.

און ניט בעסער פון דער קיך איז
דארט דאס בעט. פול מיט אינזעקטען,
ווי באפעפערט. אך, די וואנצען
זענען אונז׳רע גרעסטע שונאים!

ערגער פון דעם האַס פון טויזענד
עלעפאַנטען איז די פיינדשאַפט
פון אַ וואַנץ אַן איינציגער בלויז,
וואָס אויף אונזער בעט קריכט אום.

מוזט זיך רוהיג לאָזען בייסען —
דאָס איז שלעכט, דאָך איז נאָך ערגער
ווען צודריקסט זי, ס׳לאָזט דער ריח
דיך אַ גאַנצע נאַכט ניט שלאָפען.

יאָ, דאָס ערגסטע אויף דער ערד איז
קעמפען מיט אַזוינע ברואים,
וועמענס וואָפע איז דער ריח —
ס׳ערגסטע איז דער קאַמף מיט וואַנצען.

## קאפיטעל XII.

ווי עס טרוימען די פּאָעטען
די דרעסירטע אויף! זיי זינגען
און זיי זאָגען, אַז אַ טעמפּעל
איז די געטליכע נאַטור.

ס'איז אַ טעמפּעל, וואָס זאָגט עדות
אויף דער גרויסקייט פון באַשעפער,
און ווי לאָמפּען אין אַ קופּעל,
הענגען זון, לבנה, שטערן.

ווי עס איז, איהר גוטע מענשען!
דאָך זייט מודה, אַז אין טעמפּעל
זענען דאָ גאַנץ־אונבאַקוועמע,
נידערטרעכטיג שלעכטע טרעפּען!

אַ, דאָס קלעטערן אויף פעלזען,
דאָס ארויפגעהן און באַלד ווידער
שווין אַראָבגעהן — דאָס פאַרמאַטערט
מיינע פיס און מיין נשמה.

ס'געהט זיך נעבען מיר לאַסקאַראָ,
בלייך ווי'אַ ליכט און אויסגעצויגען;
ער, דער טויטער זוהן אוראַקאָ'ס,
ניט ער רעדט און ניט ער שמייכעלט.

מענשען זאָגען, אז געשטאָרבען
איז ער לאנג שוין, נאָר זיין מוטער
די מכשפה מאכט, אז ער זאָל
אויסזעהן ווי אַ לעבעדיגער.

האַט דאָס טרעפען אייער טעמפּעל!
ס'איז ביז איצט מיר אונפארשטענדליך
ווי כ'האָב ניט דעם האלז צובראכען
אַפּטמאָל פאלענדיג אין אבגרונד.

ווי די וואסער־פאלען שרייען!
ווי עס שמייסט דער ווינד די טאַנען!
ווי זיי וואיען! פלוצים האָבען
אויך געפּלאצט די שווארצע וואָלקען.

אין דעם קליינעם פּישער־שטיבעל
אויף דעם Lac-deGobe האָבען
מיר געפונען פיעל פאָרעלען
און אַ פּלאַץ וואו אבצורוהען.

קראנק און גרוי דער אלטער פּישער
איז געלעגען אין דעם לעהן־שטול.
ווי מלאכים — זיינעביידע
שענע ניכטען פּלעגען איהם.

דיקלעך זענען די מלאכים,
לאַקען — גאָלד און קלאָר די אויגען,
ווי פון רובענס בילדער וואָלטען
זיי אהער אראָבגעשפּרונגען.

פון די גריבלעך אין די באקען
לייכט א כיטרעקייט א זיסע;
די געזונטע גלידער זיי׳רע
שרעק און לוסט אין דיר דערוועקען.

און די שענע יונגע מיידלעך
דיספוטירען: וועלכע פון די
מעדיצינען וועט אם בעסטען
שמעקען איצט דעם קראנקען פעטער.

טראגט א גלאז איהם איינע אונטער
מיט געקאכטע לינדען־בליטען,
מיט האלונדער־בלומען־אויפגוס
נעמט די צווייטע איהם טראקטירען.

ווערט דער אלטער אונגעדולדיג:
„נעמט אוועק פון מיר די גראזען!
ברענגט מיר ווייז, אז אויך דער גאסט זאל
קענען אינ׳ם מויל וואס נעמען״.

צי ס׳איז ווירקליך ווייז געוועזען,
וואס איך האב אין Lac-de-Gobe
געטרונקען, ווייס איך ניט. אין ברוינשווייג
וואלט איך גלויבען, אז ס׳איז „מומע״.

פון דעם בעסטען שווארצען באק־פעל
איז דער לאגעל. שטינקט גרויסארטיג.
דאך דער אלטער טרינקט אהן אויפהער,
און ער ווערט געזונד און פרעהליך.

ער דערצעהלט אונז, וואס עס טוען
די באנדיטען און די שמוגלער,
וואס זיך דרעהען פראנק ארום דא
אין די פירענעער וועלדער.

ער ווייסט פיעלע אלטע מעשיות,
צווישען אנדערס אונז דערצעהלט ער
ווי געקעמפט האבען מיט בערען
אין דער אלטער צייט גיגאנטען.

יא, די ריזען און די בערען
פלעגען קעמפען פאר דער הערשאפט
פון די בערג און פון די טאלען
איידער ס'קומען אן די מענשען.

מיט'ן קומען פון די מענשען
פליהען פון'ם לאנד די ריזען;
ס'איז אפנים ווייניג מארך דא
אין די קאלאסאלע קעפ.

מען דערצעהלט, ווען די נאראנים
זענען צו דעם ים געקומען
און געזעהן, ווי אין די וועלען
שפיגעלט זיך דער בלויער הימעל —

פאר'ן הימעל אנגענומען
האבען זיי דעם ים, מיט גלויבען
ווארפען זיי זיך אין דעם הימעל
און זיי ווערען דארט דערטרונקען.

און וואס אנבעלאנגט די בערגן,
ווערען זיי פון מענש פארטיליגט
ביסלעכווייז. און יעהרליך ווערען
זיי פארקלענערט אלץ אין צאהל.

„און אזוי טרעט איינער ס'ארט אב
פאר'ן צווייטען" — זאגט דער אלטער —
„נאכ'ן אונטערגאנג פון מענשען
קומט די הערשאפט פון די צווערגען;

„פון די קליינע קלוגע מענשלעך,
וואס ארום אין בערג דא וואוינען,
מיהענדיג זיך אהן און אויפהער
זאמלען גאנצע בערג מיט גאלד אן.

„ווי די פיפיג קליינע קעפלעך
קוקען פון די פעלזען־שפאלטען,
זעה איך אין לבנה־שיין אפט. —
אך, איך שרעק זיך פאר דער צוקונפט,

פאר דער גרויסער געלדמאכט זיי'רער!
און כ'האב מורא, ווי די ריזען
אונז'רע אייניקלעך זיך וועלען
אין דעם וואסער הימעל ווארפען."

## קאפיטעל .XIII

אין דעם שווארצען פעלזען קעסעל
רוהט דער זעע, דאס טיפע וואסער.
מעלאנכאליש בלייבע שטערען
קוקען אין דער נאכט פון הימעל.

נאכט און שטילקייט. ס'קלאפען רודערס.
ווי א רוישענדע געהיימניס
געהט דאס קליינע שיפעל. זיינע
ניכטען זיצען ביי די רודערס.

רודערען אי פלינק אי פרעהליך.
און עס לייכטען אין דער פינסטער
זיי'רע ווייסע הוילע ארעמס
און די גרויסע בלויע אויגען.

שווייגענדיג און בלייך, ווי שטענדיג,
זעצט זיך נעבען מיר לאסקארא.
ב'האב מיט שרעק גענומען טראכטען:
אפשר איז לאסקארא טויט?

אפשר בין איך אויך געשטארבען
און איך שיף זיך דאס ארונטער,
א געפיהרטער פון געשפענסטער
אין דעם קאלטען לאנד פון שאטען?

אפשר אויף דעם טרויעריגען
סטיקס איצט פאָהר איך? און ווייל כאראָן
איז ניטאָ, לאָזט פראַזערפינע
מיך פון קאמער־מיידלעך ברענגען?

ניין! איך בין נאָך ניט געשטאָרבען!
כ'בין ניט קאַלט נאָך! און מיין הארצען
לעבעדיגע לעבענספלאַמען
גליהען, ברענען אָהן אן אויפהער.

און די לוסטיגע יונגע מיידלעך,
וואָס באַוועגען מיט די רודערס
און מיך טיילמאָל מיט'ן וואסער
לאַכענדיגערהייט באַגיסען —

אַ, וואָהרהאַפטיג, ניט קיין גייסטער
זענען זיי, די פרישע, יונגע,
און אויך ניט קיין קאמער־מיידלעך
פון דער בייזער פראַזערפינע.

אין זיי'ר ערדישקייט באַפעסטיגט
האָט זיך דאָ מיין איבערצייגונג,
און מיין לוסטיקייט צום לעבען
האָט מיך אויך אין דעם פארזיכערט.

דריק איך האַסטיג מיינע ליפּען
צו די חן־גריבלעך, די רויטע,
און איך ציה אַ שלום דערפון מיר:
כ'בין ניט טויט, אויב איך קען קושען.

איך האָב מיט די גוטע מיידלעך
ביי דעם ברעג צוקושט זיך ווידער:
בלויז אויף אזא אַרט באַצאָהלען
לאָזען זיי זיך פאַר'ן רודער'ן.

## קאפיטעל XIV.

ס'לאכען, פון דער זון באלויכטען,
פיאלעטע בערגערשפיצען.
ווי א פויגעל־נעסט א דערפעל
צוגעקלעבט איז צו א בארג.

ווען איך האב ארויפגעקלעטערט
איז שוין ס'אלטווארג ניט געווען מעהר,
ס'איז דאס יונגווארג בלויז פארבליבען,
וואס קען נאך דערוויל ניט פליהען.

יונגע מיידלעך, יונגע אינגלעך
אין די וויים און רויטע היטלען
איינגעוויקעלט, אויפ'ן מארק־פלאץ
שפילען חתן־כלה זיך.

לאזען זיך אין שפיל ניט שטערען;
און איך זעה, ווי דער פארליעבטער
מייזען־פרינץ פאטהעטיש קניען
נעמט פאר דער פרינצעסין קאץ.

אר'מער פרינץ! ער ווערט פארהייראט
מיט דער שענער. מיט איין שפרונג בלויז
האט זי איהם שוין אויפגעפרעסען.
טויטע מויז, די שפיל איז אוים.

כ'האָב דעם גאַנצען טאַג פאַרבראַכט דאָן
מיט די ליעבע, קליינע קינדער,
און די קינדער ווילען וויסען,
ווער איך בין און וואָס איך טו.

ליעבע פריינד — זאָג איך — געבאָרען
בין איך אין אַ לאַנד, ס'הייסט דייטשלאַנד,
ס'איז פאַראַן אַ סך דאָרט בערען
און איך בין אַ בערען טרייבער.

פיעלע ריים איך דאָרט די פעל אַב
איבער זייר'ע בערען־אויערען,
יאָ, ס'איז אמת, כ'ווער אליין אויך
שטאַרק צוקראַצט פון בערען־נעגעל.

אַבער טעגליך אומצורייסען
אָהן אַן אויפהער זיך מיט בערען
אין מיין פאַטערלאַנד דעם ליעבען
האָט זיך ענדליך מיר דערעסען.

און איך בין אַהער געקומען
עפּעס בעסערס אויפצווזוכען,
און איך וויל מיין קראַפט פּראָבירען
אויף דעם גרויסען אַטאַ טראָל.

ס'איז אַ געגנער, וואָס ס'איז ווירדיג
און אויך גלייך מיר. יאָ, אין דייטשלאַנד
האָט עם פיעלע מאָל געטראָפען,
אַז כ'פלעג מיט מיין זיג זיך שעמען.

ביים געזעגענען, די קינדער
האבען אנגעהויבען טאנצען
ארום מיר און הויך צו זינגען:
„זשיראפלינא, זשיראפלעטע!"

צירליך טרעט ארוים אם ענדע
פון'ם ראד צו מיר די יונגסטע,
בויגט זיך צוויי מאל, דריי מאל, פיער מאל
און זינגט מיט א פיינער שטימע:

„ווען ס'באגעגענט מיך דער קעניג,
מאך איך איהם צוויי רעווערענסען,
און באגעגענט מיך די מלכה,
מאך איך איהר דריי רעווערענסען.

און ווען מיט די הערנער זיינע
קומט דער טייוועל מיר אנטקעגען,
מאך איך איהם פיער רעווערענסען —
זשיראפלינא, זשיראפלעטע!"

„זשיראפלינא, זשיראפלעטע!"
לאכיג אנטפערט אב דער כאר איהר,
און ביי מיינע פיס זיך דרעהען
נעמען זינגענדיג די קינדער.

געהענדיג אין טאל ארונטער,
האט מיר ליעבליך נאכגעקלונגען
ווי דאס צוויטשערען פון פייגעל:
„זשיראפלינא, זשיראפלעטע!"

## קאפיטעל XV.

יזענהאפטע שטיקער פעלזען,
אומגעלומפערטע און גרויסע
ווי פארזעהענישען קוקען
פון דער הויך אראב אין טאל.

און אריבער זיי די שווארצע
וואלקען שוועבען — און עס דאכט זיך
ווי דו זעהסט א שוואכען אבדרוק
פון די ווילדע שטיינפיגורען.

ווייט די וואסערפאלען רוישען
און דער ווינד וויינט אין די וועלדער,
ווי עס וואלט אליין געיאמערט
די פארביטערטע פארצווייפלונג.

טרויעריגע איינזאמקייטען!
אויף פארפוילטע טאנען־בוימער
זיצען דאהלען. און זיי פלאט'רען
מיט די שווארצע פליגלען זיי'רע.

בלאס און שוויינענדיג, לאסקארא
ביי מיין זייט געהט, און אליין איך
זעה ניט אויס דען ווי דער וואהנזין,
וואס ווערט פון'ם טויט באגלייט?

ס׳ארא מיאוסע, וויסטע געגענד!
א פארשאָלטענע! מיר דאכט זיך
אויף די וואָרצלען פון די בוימער
זענען פלעקען בלוט פארהאנען.

אונטער איינעם איז א הייזעל
אין דער ערד אויף העלפט פארוואקסען,
און ווי בעטענדיג, מיט יראה
קוקט אויף מיר דער אָרמער שטרוי־דאך.

ס׳איז באוואוינט דאס קליינע שטיבעל
פון קאַנאַטען. ס׳איבערבלייבעניץ
פון א שטאַם, וואָס אין גרוים עלענד
שלעפט זיין גרויע עקזיסטענץ.

עקעל האָבען די באסקעזען
נאך ביז איצט צו די קאַגאָטען.
ס׳איז א פינסטערע ירושה
פון דער צייט פון פאַנאַטיזם.

אין באַניערער דאָס געוויזען
האָט מען מיר א טיר מיט גראַטעס,
און געזאָגט מיר, אז געוועזען
איז דאָס די קאַגאָטען־טיר.

שטרענג איז זיי געווען פארבאָטען
דורך אַן אנדער טיר אריינגעהן
און זיי פלעגען, ווי גנבים,
אין גאָט׳ס הויז אריין זיך שלייכען.

דאָרטען אויף א נידריג בענקעל
בעט דער קאַגאַט צום באשעפער.
ווי א מצרע — אבגעזונדערט
פון דעם איבעריגען עולם.

אָבער ס'הייליגע און נייע
ליכט פון היינטיגען יאָהרהונדערט,
האָט פארטריבען אַלע בייזע
שאַטענס פון'ם מיטעלאַלטער.

ס'בלייבט אין דרויסען שטעהן לאַסקאַראַ
אין דער צייט, ווען אין דעם שטיבעל
געה איך מיר אריין, און פריינדליך
שטרעק איך אויס די האנד צום ברודער.

און איך קוש זיין קינד דאָס קליינע,
וואָס האָט פון זיין ווייב געזויגען
אזוי גייציג, און עס זעהט אויס
ווי א דינע, קראנקע שפין.

## קאפיטעל XVI.

קוקסטו אויף די בערג פון ווייטען,
זעהסטו, ווי זיי שטעהען שטאָלצע
איינגעהילט אין זונען־שטראַלען,
פול מיט גאָלד און פול מיט פורפור.

אָבער קוקסטו פון דער נאָהענט,
זעהסטו ניט קיין גאָלד, קיין פורפור;
ס'איז פארשוואונדען, ווי עס שווינדען
אָפט די שעהנהייטען פון לעבען.

ס'האָבען דיך גענאַרט די אויגען,
דאָס איז בלויז נאָר שניי געוועזען;
שניי, וואָס אין דער איינזאמקייט דאָ
לאַנגווייליגט זיך אָהן אַן אויפהער.

און איך הער, ווי אויף די בערג דאָ
סקריפּעט אַלץ דער שניי דער אָרמער,
און פאר הארצלאָז־קאַלטע ווינדען
ווייגט ער אויף זיין ווייסען עלענד.

„אָ, ווי איינזאם" — נעמט ער זיפצען —
„געהען דאָ אוועק די שעה'ען;
ווי פארפראָר'נע איינזאמקייטען
ציהען זיי זיך אָהן אַן ענדע.

„אַ, איך אָרמער שניי! ווען איך זאָל
שטאַט דאָ אויף די בערג די הויכע —
אין אַ מילדען טאָל מיר פאַלען,
אין אַ טאָל, וואו ס'וואַקסען בלומען.

„ווען איך וואָלט צוגאַנגען, וואָלט איך
אין אַ טייכעל זיך פאַרוואַנדעלט,
וואו פון דאָרף די שענסטע מיידלעך
וואַשען זיך און באָדען זיך.

„אפשר וואָלט איך ביז צום ים נאָך
צוגעשוואומען, און אַ פּערל
וואָלט איך ווערען און באַצירען
אויף אַמאָל אַ קעניגס קרוין."

הערענדיג אַזוינע ווערטער,
זאָג איך: ליעבער שניי, איך צווייפעל,
אַז דיך וואָלט אין טאָל ערוואַרטעט
אַזאַ גלענצענדיגע צוקונפט.

„טרייסט דיך, טרייסט דיך! ווייניג ווערען
אין דער נידער עדעל־שטיינער;
מעגליך, דיר וואָלט גאָר באַשערט זיין
צו פאַרוואַנדלען זיך אין בלאָטע."

אין דער צייט ווען כ'האָב געפיהרט מיר
מיט'ן שניי אַזוינע שמועסען,
הערט אַ שאָס זיך, פון דער לופטען
פאַלט אַראָב אַ ברוינער גייער.

דאָס האָט זיך פֿאַרװײַלט לאָסקאַראָ
אױפֿ'ן יאַגד, און דאָך זײַן פּנים
בלײַבט, װי שטענדיג, קאַלט און ערנסט
נאָר די רעהר פֿון ביקס זיך רױכערט.

און ער רײַסט אַ שװײַגענדיגער
פֿון'ם פֿױגעלס עק אַ פֿעדער,
שטעקט אַרײַן זי אין זײַן פֿילץ־הוט
און ער שפּאַנט אַװעק זיך װײַטער.

ס'װערט אונהײמליך מיר צו קוקען
װי זײַן שאָטען מיט'ן פֿעדער
שלעפּט זיך נאָך נאָך איהם אַ שװאַרצער
אױפֿ'ן װײַסען שנײ דעם קלאָרען.

## קאפיטעל XVII.

און עס איז א מאָל פאראַנען,
„גייסטער־וועג“ ווערט ער גערופען;
ביי דיביידע זייטען זיינע
שטעהען הימעל־הויכע פעלזען. —

דאָרטען פונ׳ם העכסטען אברים
קוקט אראָב איין מאָל אין טיפען
דער אוראַקאַם קליינטשיג שטיבעל;
כ׳קום אהינצו מיט לאַסקאַרא׳ן.

ער נעמט גלייך זיך מיט זיין מוטער
אויף א צייכען שפּראַך בעראַטען,
ווי אזוי מיר זאָלען כאַפּען
און אויך טויטען אַטאַ טראַל׳ען.

ווייל מיר האָבען זיינע שפּורען
אויפגעזוכט און מעהר אנטלויפען
קען ער ניט. א, איצט געצעהלט שוין
זענען דיינע טעג, מיין אַטאַ!

צי די אַלטע איז באמת
אַזאַ גוטע, אַזאַ גרויסע
מכשפה, ווי ס׳באַהויפּטען
אַלע פירענעער מענשען —

נעם איך זיך ניט אונטער זאָגען,
איינס נאָר וויים איך, אז פארדעכטיג
איז איהר אויסזעהן, און פארדעכטיג
טריפען איהרע רויטע אויגען.

זי האָט בייזע, קרומע אויגען,
און מען זאָגט אויך, אז עס טריקענט
ביי די אָר׳מע קיה די מילך אויס,
ווען זי גיט אויף זיי א קוק נאָר!

מען פארזיכערט אויך, אז זי האָט
פיהרענדיג בלויז מיט די פינגער
אָקסען שטארקע פיעל גע׳הרג׳עט
און חזירים גראָבע, פעטע.

איינמאָל האָט מען זי פארקלאָגט אויך
אין די שרעקליכע פארברעכענס,
דארף זיך טרעפען, אז דער ריכטער
איז געוועזן א וואָלטעריאנער.

א מאָדערנעס, פלאַכעס וועלט־קינד,
אָהן פארשטאַנד און אויך אָהן גלויבען;
סקעפטיש און אויך מיט פאראכטונג
ווייזט ער באלד צוריק די קלאָגען.

אפיציעל פיהרט אָן אוראקא
ארענטליכע בלויז מסחרים,
פיהרט מיט קרייטיכער א האנדעל
און מיט אויסגעשטאָפטע פויגעל.

און דאס גאנצע קליינע שטיבעל
פול געווען איז מיט איהר סחורה,
און עס שמעקען אונערטרעגליך
איהרע קרייטיכער אין שטיבעל.

ס'איז פארטרעפליך אויסגעשטעלט דא
א קאלעקציע פון די נייערען,
מיט די אויסגעשטרעקטע פליגעל
און מיט אונגעהוירע שנאבלען.

איז עס פון'ם דופט פון פלאנצען
מיר פארדרעהט דער קאפ געווארען?
קוקענדיג דא אויף די פייגעל
איז אונהיימליך מיר געווארען.

מענליך, אז דאס זענען מענשען,
וואס אין אויסגעשטאפטע פייגעל
האט פארוואנדעלט זיי אויף אייביג
דער מכשפה'ס בייזע קראפט.

קוקען אן אזוי מיך פיינליך
און דערביי אויך אונגעדולדיג!
און אמאל אויך קרומע בליקען
ווארפען בייז זיי אויף דער אלטער.

נאר די אלטע, זי באמערקט ניט,
איינגעבויגען מיט לאסקארא'ן
ביי דעם אויווען, נעמען ביידע
שמעלצען בליי און גיסען קוילען.

און זיי גיסען יענע קויל אויס,
וואס דארף אטא טראל'ען טויטען.
ס'איז פון פייער רויט באלויכטען
ס'בייזע פנים פון דער אלטער.

זי באוועגט די דינע ליפען
אונאויפהערליך, דאך אהן ווערטער.
זאגט זי ניט אצינד די שפרוכען,
אז עס זאל די קויל געלינגען?

טיילמאל הויבט זי אן צו שמייכלען
און צו ווינקען צו לאסקארא'ן,
אבער ער, ער טוט זיין ארבייט
שווייגענדיג, פונקט ווי א טויטער.

פון דער אומגעבונג דערשלאגען
געה איך מיר אוועק צום פענסטער.
פריש די לופט איז. און איך קוק מיר
אין דעם ווייטען טיפען טאל.

וואס כ'האב אין דער נאכט געזעהן דא
צווישען איינס און צוויי אזייגער,
וועל איך אלץ גענוי באשרייבען
אין די קומענדע קאפיטלען.

## קאפיטעל XVIII.

פול געווען איז די לבנה
אין דער נאכט פון סט. יאהאנים,
אין דער צייט, ווען ס'האט געטראגען
דורך דעם „גייסטער וועג" דער יאגד זיך.

פון אוראקאם קליינעם פענסטער
קען איך זעהן מיר אויסגעצייכענט,
ווי די מחנות פון געשפענסטער
טראגען דורכ'ן „גייסטער־וועג" זיך.

כ'האב געקענט פון פענסטער מיינעם
זעהן אין גאנצען דעם ספעקטאקל;
כ'האב געזעהן די פרייד פון מתים,
וואס ערוואכען פון די קברים.

בייטשען־קנאל, האלא און הוסא,
פערד־געהירזש, פון הינד דאס בילען,
יעגער הארנס און געלעכטער
טראגען אויפ'ן גאנצען טאל זיך.

אין פאראוים, אלס אוואנגארד זיי
לויפען די געיאגטע חיות,
הירשען און חזרים ווילדע —
און נאך זיי די יעגער־הינד.

יענער פון פארשידענע צײטען
און פון לענדער — נעמען אנטײל.
נעבען נמרוד פון אסיריען
רײט, צום בײשפּיעל, קארל דער צעהנטער.

רײטען אויף די פערד די װײסע,
ס'געהען נאָך נאָך זײ צופּוס אויך
גאנצע מחנות פון פּיקערען
און די פּאזשען מיט די פּאקעל.

פּיעלע זעהען אוים באקאנט מיר.
איז עס ניט דער קעניג ארטוס
יענער ריטער, װעלכער רײט דאָ
אין דער גאָלדענער באװאפנונג?

איז עס ניט דער דענער אָגיער,
יענער ריטער, װעלכער רײט דאָ
אין דעם גרינעם פּאנצער, װעלכער
מאכט איהם אויסזעהן װי פראָש?

ריטער פון געדאנקען האָב איך
אין דעם צוג אויך פּיעל באגעגענט.
נאָכ'ן גלאנץ פון זײנע אויגען
האָב איך װאָלפגאנג'ען דערקענט.

אויסגעלאכט פון הענגסטענבערג'ן,
קען ער רוהיג מעהר ניט ליגען;
מיט א הײדנישער קאמפּאניע
זעצט ער פאָרט די יאגד פון לעבען.

נאָך זיין רייצענדיגען שמייכעל
האָב איך ווילִיאמען דערקענט אויך.
איהם די פּוריטאַנער האָבען
אויך אמאָל געלעגט אין חרם.

און עס מוז דער אַרמער זינדער
אלע נאַכט אין רייה זיך שלעפּען.
ס׳רייט א מענש שטיל אויף אַן אייזעל
נעבען איהם — אַ, גאָט אין הימעל! —

נאָך דעם בעטענדיגען אויסזעהן
און דעם פרומען ווייסען שלאָף־מיץ,
נאָך דער שרעקעדיקייט זיינער —
האָב איך גלייך דערקענט פראַנץ האָרנ׳ען.

ווייל מיין אַרמער פריינד פראַנץ האָרן
קאָמענטירט אמאָל שעקספּיר׳ן,
מוז ער נאָכ׳ן טויט זיך שלעפּען
איצט נאָך איהם אויף אלע יאַגדען.

אך, מיין שטילער פראַנץ מוז רייטען,
ער, וואָס קוים געוואַגט צו געהן האָט
און וואָס פלעגט זיך נאָר באַוועגען
ביים געשפּרעך און ביי דעם דאַוונען.

וועלען ניט די אלטע מוידען,
וואָס מיט איהם זיך פלעגען גרויסען
אויפגעבראַכט זיין, ווען זיי הערען
אז ס׳איז פראַנץ אצינד א רייטער?

אפטמאל, ווען דער גרויסער וויליאם
לאזט זיך אין גאלאפ, סארקאסטיש
קוקט ער ווי זיין קאמענטאטאר
לויפט נאך איהם נאך אויף זיין אייזעל;

כאטש ער האט שוין מעהר קיין כוחות,
וויל ער אלץ ניט אבשטעהן, נאכגעהן
וויל ער טריי זיין גרויסען אויטאר
נאכ׳ן טויט, ווי ביי דעם לעבען.

אין דער ווילדער מחנה זעה איך
אויך א סך באקאנטע דאמען
און באזונדערס — שענע נימפען
מיט די שלאנקע לייבער זיי׳רע.

זיצען ריטערליך אויף פערד זיך,
זענען מיטאלאגיש נאקעט,
דאך די גאלדנע לאקען פאלען
אויף די פלייצעס זיי, ווי מאנטלען.

טראגען קרענץ אויף זיי׳רע קעפ אויך,
און מיט אויסגעבויג׳נע קערפער
נעמען לייכט אין לופט באוועגען
מיט באבלעטערדיגטע שטעקענס.

נעבען זיי זעה איך אין קליידער
וואונדערבארע ריטער־מיידלעך,
זיצענדיג שטאלץ אויף די זאטלען
און מיט פאלקען אויף די הענד.

און נאָך זיי, ווי א פּאַראַדיע,
רייט אויף אויסגעדאַרטע פערדלעך
דאַ א גאַנצע מחנה ווייבער,
קאָמעדיאַנטיש אויסגעפּוצטע.

זייער פּנים ליעב און רייצענד,
אָבער אויך צו פרעך אביסעל,
און זיי שרייען מיט די רויטע
אָנגעפּודערט גראָבע באַקען.

און דאָס עכאָ ענטפערט פרעהליך,
יעגער האָרנס און געלעכטער,
פערד געהירזש, פון הינד דאָס בילען,
בייטשען־קנאַל, האַלאָ און הוסאַ!

## קאפיטעל XIX.

ס'האבען זיך פון אלע שענער
אינ'ם צוג ארויסגעוויזען
דריי געשטאלטען — ניט פארגעסען
וועל איך יענע פרויען בילדער.

לייכט דערקענט האב איך באלד איינע:
אויפ'ן קאפ א האלב־לבנה.
שטאלץ און קאלט ווי א סטאטוע
רייט די ריינע, גרויסע געטין.

און עס זענען ברוסט און היפטען
האלב פארדעקט מיט א טוניקא.
ליידענשאפטליך מיט די גלידער
שפיעלען זיך לבנה־שטראלען.

און דאס פנים וויים ווי מארמאר
און אויך קאלט אזוי ווי מארמאר:
שרעקליך איז געווען די בלייכקייט
און די שטארקייט פון איהר פנים.

און אין איהרע שווארצע אויגען
האט געברענט א שרעקליך פייער —
אן אונהיימליך זיסער פייער —
וואס פארבלענדט, פארצעהרט די זעלע.

ס'האט געענדערט זיך דיאנא,
זי, וואס האט אנאקטעאנ'ן
אין איהר גרויסער, רייגער צניעות
אין א הירש אמאל פארוואנדעלט

און איהם צו די הינד געווארפען.
צאהלט זי איצט פאר יענע זינד ניט?
אלע נאכט אהן אויפהער שלעפען
מוז זי זיך אין צוג אין וויסטען.

שפעט, דערפאר צוברענט האט שטארקער
זיך אין איהר די ליידענשאפט איצט,
און עס ברענט אין איהרע אויגען,
ווי א בייזער גיהנום פייער.

זי באקלאגט די צייט, ווען מענער
זענען שענערע געוועזען,
און די קוואליטעט פארבייטען
מוז זי מיט דער קוואנטיטעט איצט.

נעבען איהר א צווייטע שענהייט,
באטש ניט גריכיש, ווי דיאנא,
אבער ס'שטראלט פון איהר ארונטער
אזא קעלטיש־דינע צארטקייט.

ס'איז געווען די פעע אבונדע:
כ'האב זי לייכט געקענט דערקענען
נאך דעם זיסען שמייכעל איהרען,
נאך דעם הארציגען געלעכטער.

ראַזיג און געזונט דאָס פּנים
ווי געמאָלדען וואָלט איהם גרויצע.
און דאָס מיילכעל שטענדיג אָפען
מיט די שנעע, ווייסע ציינדלעך.

און זי טראָגט א בלויעס נאַכטקלייד,
וואָס דער ווינד וויל אַלץ צעבלאָזען.
כ'האָב אפילו אין א חלום
ניט געזעהן אזוינע שולטער!

כ'בין פון פענסטער שיער געשפּרונגען,
כ'האָב אזוי געוואָלט זי קושען;
גוט, וואָס כ'האָב עס ניט געטאָן דאָן,
כ'וואָלט דעם האַלז געווים צובראָכען.

אַך, ווי זי וואָלט דאָס צולאַכט זיך,
ווען זי זעהט מיך אינ'ם אבגרונד
א פאַרוואונדעטען דאָרט ליגען.
אָ, איך קען אזא געלעכטער!

און דאָס דריטע פרויען־בילד,
וואָס געמאַכט האָט ס'האַרץ באַוועגען,
איז עס אויך געווען א טייוועל,
ווי די אַנד'רע צוויי געשטאַלטען.

אָדער איז עס פון א מלאך? —
קיינמאָל ווייסטו ניט ביי פרויען
וואו עס ענדיגט זיך דער מלאך
און וואו ס'הויבט זיך אָן דער טייוועל.

אויפ׳ן קראַנקען פּנים איהרען
ליגט פון מזרח־לאַנד דער צויבער,
און ס׳דערמאַנען מיר די קליידער
אַז שעהעראַזאַדעס מערבען.

ס׳זענען זאַנפט ביי איהר די ליפּען,
מיט אַ הויקער׳ל דאָס נעזעל;
און די גלידער שלאַנק און דופטיג
ווי די פּאַלמען אין אַאזיס.

אויף אַ פערד אַ ווייסען רייט זי,
נעבען איהר צופוס צוויי מאָהרען
געהען לאַנגזאַם און זיי פיהרען
פאַר דעם גאָלדנעם צוים דאָס פערד.

יאָ, זי איז געוועזען אַ פירשטין,
ז׳איז די קעניגין יהודית׳ס,
וואָס באַגעהרט האָט ליידענשאַפטליך
יוחנן דעם טויפערס קאָפּ.

און דערפאַר איז זי פאַרשאָלטען,
און דערפאַר מוז זי זיך שלעפּען
ווי אַ נאַכט־שד אויפ׳ן יאַגד דאָ,
ביז דער יום־הדין וועט קומען.

טראָגט אום אין די הענד אַ שיסעל,
און אויף איהר דער קאָפּ פון טויפער,
און זי קושט דעם קאָפּ דעם טויטען;
יאָ, זי קושט איהם ליידענשאַפטליך.

ז׳איז פארליעבט אין איהם געוועזען!
ס׳שטעהט דערפון ניט אין דער ביבעל,
אבער אין׳ם פאלק לעגענד־עז
געהען אום נאך פון איהר ליעבע.

אנדערש קענסטו ניט ערקלערען
די פארלאנגען פון דער דאמע —
ווען א פרוי דעם קאפ באגעהרען
פון א מאן, וואס זי האט פיינט?

אפשר אין א שעה פון בייזקייט,
האט זי איהם געלאזען קעפען,
אבער ווען ז׳האט אויף דער שיסעל
דעם געליעבטען קאפ דערזעהען,

איז זי וואהנזיניג געווארען,
און אין וואהנזין דאן געשטארבען —
(ליעבעם וואהנזין! פלעאנאזם!
ס׳איז א וואהנזין דאך די ליעבע!)

שטעהט אויף אלע נאכט פון קבר
און זי לאזט זיך אויפ׳ן יאגד געהן,
טראגט מיט זיך אום אין א שיסעל,
ווי געזאגט, דעם טויפער׳ס קאפ.

דאך מיט ווייבערשע קאפריזען
ווארפט זי אין דער לופט דעם קאפ אום
ווי א באל, און כאפט איהם ווידער
קינדיש־לאכענדיג דערביי.

װען ז'איז מיר פאַרבײגעריטען
האָט זי צערטליך אַנגעקוקט מיך
און קאַקעט אַ װינק געגעבען,
אַז כ'האָב ציטערען גענומען.

דרײ מאָל איז די װילדע מחנה
נעבען מיר פאַרבײ געריטען,
דרײ מאָל האָט די שענע פירשטין
צאַרט און ליעב צו מיר געװאונקען.

װען עס איז דער צוג פאַרשװאונדען
און פאַרקלונגען איז דער טומעל,
לאַנג געברענט אין מײן געהירען
האָט דער פירשטינס ליעבער גרוס נאָך.

און דערנאָך די נאַכט די גאַנצע
װאַרף איך זיך אַרום אַ מידער
אױפ'ן שטרױ — װײל ס'האָט אוראַקאַ
ניט געהאַט קײן בעסער בעט. —

און איך טראַכט: װאָס זאָל באַדײטען
דאָס געהײמניספולע װינקען?
און פאַרװאָס האָסטו מיך צערטליך
אַנגעקוקט, מײן ליעבע פירשטין?

# קאפיטעל XX.

זונען־אויפגאנג, גאָלד'נע פיילען
שיסט די זון אריין אין נעבעל;
רויט, ווי ער וואָלט זיין פארוואונדעט,
הויבט דער נעבעל אָן צורינען.

ענדליך איז דער זיג געוואונען,
און דער טאָג, דער טריאומפאַטאָר,
שטראַלענדיג אין פולער גלאָריע,
קומט אָן אויף די שפּיץ פון בערג.

און דער פויגעל־כאָר צוזונגען
האָט זיך פון די טיפע נעסטען;
פונקט ווי א קאָנצערט פון בשמים,
הויבט זיך אויף דער דופט פון קרייטער.

און מיר האָבען זיך באגינען
אינ'ם טאָל אראבגעלאָזען,
און ווען ס'האָט געזוכט לאסקארא
אויף דער ערד פון בער די שפּורען,

זוך איך הרג'ענען די צייט דא
מיט געדאנקען. דאך דאָס דענקען
האָט צום סוף מיך זעהר פארמאטערט
און געמאכט אביסעל טרױ'ריג.

און א טרוי'ריגער און מידער
האָב איך אויפ'ן מאָך געזעצט זיך
אין דעם שאָטען פון די בוימער,
וואו עס האָט א קוואל געפלאָסען.

מיט זיין וואונדערבארען רוישען
האָט ער מיך אזוי פאר'כישופ'ט,
אז עס זענען די געדאנקען
פון'ם קאָפּ ארויסגעפלויגען.

ס'נעמט מיך דורך א ווילדע בענקשאפט
נאָך חלומות, טוים און וואהנזין,
נאָך די רייטערינס אויך בענק איך,
וואָס אין גייסטער צוג זיך שלעפּן

א, איהר נאכטיגע געשטאַלטען,
וואָס אייך האָט די זון פארטריבען,
זאָגט, וואוהין זייט איהר אנטלאָפען,
וואו געפינט איהר זיך ביי טאָג?

אין רואינען פון א טעמפעל
— זאָגט מען — ערגעץ אין ראָמאניא,
האלט זיך אויף פארבאָרגען דיאנא
אין גרויס שרעק פאר קריסטוס'ס הערשאפט.

בלויז ווען ס'קומט די האלבע־נאכט אָן
וואגט זי ס'ארט איהרס צו פארלאָזען,
און זי הויבט זיך אָן צו שפּיעלען
מיט איהר היידנישער קאָמפּאניע,

און די שענע פעע אבונדע
שרעקט זיך אויף פאר נאזארענער,
און דעם גאנצען טאג פארברענגט זי
אין דעם זיבערען אוואלון.

אט דער אינזעל ליגט פארבארגען
ווייט אין ים פון דער ראמאנטיק,
קענסט אהין נאר בלויז דערגרייכען
אויף די פליגלען פון פאנטאזיע.

קיינמאל אנקערט דארט די זארג ניט,
ס'קומען ניט אהין קיין שיפען
מיט נייגיריגע פיליסטער,
מיט די לולקעס אין די מיילער.

קיינמאל גרייכען ניט צום אינזעל
יענע דומפע גלאקען־קלאנגען,
יענער לאנגווייליגער בום־בום,
וואס פארהאסט איז ביי די פעען.

אין א פרייד אן אונגעשטערטער
און אין בליהענדיגער יוגענד
רעזידירט דארט אונזער דאמע,
אונזער בלאנדע פרוי אבונדע.

לאכענדיג געהט זי שפאצירען
צווישען הויכע זונען בלומען,
אומגערינגעלט פון א מחנה
לאנג שוין טויטע פאלאדינען.

אבער הערצַדיאָס שענע,
זאָג, וואו ביסטו? אַ, איך ווייס שוין!
דו ביסט טויט און ליגסט באַגראָבען
אין דער שטאָדט ירושלים.

ליגסט ביי טאָג א טויטע,
אין דיין ווייסער מאַמאָר טרונע,
און אין מיטען נאכט וועקט אויף דיך
בייטשענקנאַל, האַלאַ און הוסאַ.

און דו טראָגסט זיך מיט דער מחנה
פון דיאַנע'ן און אבונדע'ן
און די איבעריגע, וועמען
ס'איז פאַרהאַסט דער קרייץ און וועהטאָג.

ס'אַרא פרעהליכע קאָמפאַניע!
ווען כ'זאָל קענען מיט אייך פאַהרען
אַלע נאכט, וואָלט איך געריטען
ביי דיין זייט בלויז, הערצַדיאָס.

ווייל איך האָב דיך ליעב אָם מייסטען!
פיעל נאָך מעהר פון דיאַנע'ן;
מעהר נאָך פון דער פּעע פון צפון,
טאָכטער אידישע, דיך ליעב איך!

יאָ, כ'האָב ליעב דיך! איך דערקען עס
נאָך דעם ציטער פון מיין זעלע;
האָב מיך ליעב און זיי מיין ליעבסטע,
טויטע אידין, הערצַדיאָס!

האב מיך ליעב און זיי מיין ליעבסטע!
ווארף דעם קאפ אוועק צוזאמען
מיט דער שיסעל! און פארזוך איצט
פיעל געשמאקערע געריכטען.

כ'בין א ריטער און אם בעסטען
צוגעפאסט צו דיר, מיך ארט ניט
וואס ביסט טויט און ביסט פארשאלטען —
איך האב ניט קיין פאראורטיילען. —

איך האב מורא, אז גאר שוואכליך
האלט עס מיט מיין עולם־הבא.
און איך צווייפעל אויך אפילו
צי איך לעב נאך גאר אין גאנצען.

נעם מיך, איך וועל זיין דיין ריטער,
דיינער **Cavalier-servente**
איך וועל נאכטראגען דיין מאנטעל,
די קאפריזען דיר ערפילען.

און כ'וועל אלע נאכט באגלייטען
אויפ'ן יאגד דיך, און מיר וועלען
פרעהען זיך און הילכיג לאכען
איבער מיינע משוגעת'ן.

און כ'וועל דיר די נעכט פארקירצען;
דאך ווען ס'קומט דער טאג, פארשווינדען
ווערט די פרייד, א וויינענדיגער
וועל איך אויף דיין קבר זיצען.

יאָ, ביי טאָג זיץ איך און יאָמער
אויף דיין קעניגליכען קבר,
אויף דעם קבר פון דער ליעבסטער
ביי דער שטאָדט ירושלים.

ס'קוקען אַז מיך אלטע אידען
און זיי מיינען, אַז איך טרויער
אויפ'ן חורבן פון בית מקדש,
אויף דער שטאָדט ירושלים.

## קאפיטעל XXI.

ארגאנאטען, ניט אויף שיפען,
נאר וואס געהען אום צופוס, און
וואס אנשטאט דעם גאלדנעם אדער
זוכען זיי די פעל פון בערען. —

אך, מיר נישטיגע און אר'מע
העלדען פון דעם שניט דעם נייעם!
ס'וועלען קלאסישע פאעטען
ניט פאראייביגען אונז קיינמאל.

דאך מיר האבען אנגעליטען
זיך אויף פיעל! א, ס'ארא רעגען
איז אונז אויפ'ן בארג באפאלען,
וואו דו זעהסט קיים בוים, קיין פיאקער.

ס'האט געעפענט זיך דער הימעל
און מיט עמערס גיסט ארונטער.
יאזאן האט ניט אויף זיין קאלכיס
דורכגעמאכט אזא מין וועטער.

„פאר א שירעם וואלט איך געבען"
— שריי איך אוים אין מיין פארצווייפלונג —
„איצטער זעקס און דרייסיג מלכים"
דאך דער רעגען גיסט אהן אויפהער.

אויסגעמאַטערטע און מידע
און ווי הענער דורכגענעצטע,
קעהרען מיר זיך שפעט ביי נאַכט אום
איז געצעלט פון דער מכשפה.

דאָרטען ביי דעם רויטען פייער
איז געזעסען זיך אוראַקאַ
און געקעמט איהר מאַפּס דעם דיקען.
האָט איהם משלח געווען,

ווען מיר זענען אָנגעקומען.
האָט מיט אונז זיך גלייך פאַרנומען,
האָט מיר גרייט געמאַכט ס'געלעגער,
אויסגעטאָן די עספּאַרדילען:

העלפט מיר אויסטאָן מיינע הויזען,
צוגעקלעבט זיך צו די פיס מיר
האָבען זיי מיט אַ געטרייקייט,
ווי די פריינדשאַפט פון אַ טיפּוש.

„אַ, אַ שלאַפראַק! זעקס און דרייסיג
גיב איך איצט אוועק מלכים
פאַר אַ שלאַפראַק", און אַ פּאַרע
טראָגט זיך פון מיין נאַסען העמד.

קלאַפּענדיג איין צאָהן אָן צווייטען
שטעה איך נאָך אַ ווייל ביים פייער.
ווי פאַר'שיכור'ט פונ'ם פייער
פאַל איך אויפ'ן האַרטען שטרוי.

ב׳קען ניט שלאפען. און איך קוק צו
ווי אוראקא ביי דעם פייער
טוט איהר זוהן אויס און זי האט איהם
אויף איהר שויס אוועקגעזעצט.

ס׳איז דער פעטער מאפס געשטאנען
נעבען איהר און האט געהאלטען
אין׳ם מויל א קליינטשיג טעפעל,
און געשיקט אזוי געהאלטען.

פון דעם טעפעל נעמט אוראקא
רויטען פעטס און נעמט באשמירען
פון איהר זוהן די ברוסט און ריפען,
ס׳שמירט אוראקא גיך און האסטיג.

רייבענדיג און שמירענדיג איהם
זינגט די אלטע צו א וויג־ליעד;
זעלטזאם האט דערביי געפלאקערט
אין קאמין דאס רויטע פייער.

געל און ביינער ווי א טויטער,
איז ער אויף איהר שויס געלעגען;
ברייט געעפענט זענען זיינע
טויטליך־בלייכע שטארע אויגען.

איז לאסקארא ניט קיין טויטער,
וואס די מוטער־ליעבע מיט די
בישוף־זאלבען אלע נאכט איהם
ברענגט אויף ס׳ניי צוריק צום לעבען?

כ׳ליג אין דרימעל און איך פיבער
און עס ווערען מיר די גלידער,
בלויז אליין נאָר די געדאנקען
זענען וואַך און פול מיט שרעקען.

און געפייניגט האָט מיך שרעקליך
פון די קרייטיכער דער ריח.
כ׳האָב זיך ניט געקענט דערמאָנען,
וואו כ׳האָב איהם אמאָל געהערט.

און דער ווינד אין קוימען האָט מיך
אלץ געשראָקען! כ׳הער ווי זיפצען
פון פארטריקענטע נשמות —
כ׳הער שוין לאנג באקאַנטע שטימען.

דאָך עס שרעקען מיך אָב מעהרסטען
יענע אויסגעשטאָפּטע פייגעל,
וואָס צוקאָפּענס ביי דעם בעט מיר
זענען אויף א ברעט געשטאַנען.

לאנגזאם נעמען זיי באוועגען
מיט די פליגעל און זיי בויגען
צו מיין בעט די לאנגע שנאָבלען,
וואָס דערמאָנען מענשען־נעזער.

וואו האָב איך אזוינע נעזער
שוין געזעהן? איז דאָס אין פראנקפורט
צי אין האמבורג נאָר געוועזען? —
ס׳איז מיר שווער זיך איצט דערמאָנען.

און צום סוף בין איך פֿאַרזונקען
אין אַ שלאָף. און שטאָט די אַלע
וואַכעדיגע פֿאַנטאַזיען
קומט אַ שלאָף אַן, אַ געזונדער.

און מיר טרוימט זיך, אַז אוראַקאַס
הייזעל איז אַ זאַל אַ גרויסער,
פֿול מיט מאַרמאַרנע קאָלאָנען
און באַלויכט פֿון זשיראַנדאָלען.

אונזיכטבאַרע מוזיקאַנטען
שפּילען פֿון „ראָבערט דער טייוועל“
די פֿאַרשײַטע נאָנען־טענץ;
כ׳גײ אַליין אין זאַל שפּאַצירען.

ענדליך האָבען זיך געעפֿענט
אין דעם גרויסען זאַל די טירען
ס׳הויבען פֿײַערליך אָן קומען
וואונדערבאַרע געסט אַזוינע. —

לויטער בערען און געשפּענסטער!
יעדער איינער פֿון די בערען
אַ געשפּענסט געפֿיהרט מיט זיך האָט
אײַנגעוויקעלט אין תכריכים.

ס׳האָבען אין אַ וואַלץ געלאָזען
דורכ׳ן זאַל זיך גלײַך די פּאָרלעך.
דאָס קוריאָזע בילד דערוועקט האָט
שרעק און אויך צוגלײַך געלעכטער,

ווייל ס'איז שווער געווען די בערען
האלטען טאַקט מיט די געשפענסטער,
וואָס זיך האָבען לייכט און לופטיג
דורכ'ן גרויסען זאל געטראָגען.

און געשלעפט גאָר אָהן רחמנות
האָבען זיי נאָך זיך די בערען,
וועמעס טרויעריגע זיפצען
שרייען איבער דעם אָרקעסטער.

און די טאַנצענדיגע פּאָרלעך
האָבען טיילמאָל זיך געפּלאָנטערט,
און דער בער פלעגט דעם געשפענסט
געבען דאָן א זעץ פון הינטען.

אינ'ם טומעל פונ'ם טאַנצען
רייסט אמאָל א בער דאָס ליילעך
פון דעם טאַנצענדען געשפענסט
און א שארבען דאָן באַווייזט זיך.

ענדליך אבער נעמען שאַלען
די טראָמפּייטען און די צימבלען
און עס דונערען די פּויקען —
און מען לאָזט זיך גאַלאָפּירען.

ס'קומט א סוף דאָ צו מיין חלום,
ווייל אויף מיינע הינעראויגען
איז א בער ארויפגעטראָטען
און איך וואך אויף מיט געוואלדען.

## קאפיטעל XXII.

און עס יאָגט די פייער פערדלעך
פעבום פון זיין פייער־דראָשקע,
און עס איז אויף העלפט פארענדיגט
שוין זיין הימעלישע רייזע —

אין דער צייט, ווען כ׳בין געלעגען
נאָך אין טיפען שלאָף פארזונקען,
און געזעהן האָב איך אין חלום
בערען און א סך געשפענסטער.

כ׳האָב ערוואכט אין האלבען טאָג ערשט.
כ׳בין אליין געווען אין שטיבעל,
ס׳איז מיין ווירטין און לאָסקאַרא
פריה היינט אויפ׳ן יאגד געגאנגען.

אין געצעלט מיט מיר פארבליבען
איז דער פעטער מאָפּס אליין נאָר;
ר׳איז געשטאַנען פאר׳ן אויווען
און ער האלט אין האנד א לעפעל.

ער איז צוגעוועהנט געוועזען,
ווען די זופּ הויבט אָן צו קאָכען,
זאָל ער גלייך זי נעמען מישען
און די שוים ארונטערנעמען.

אבער, בין איך ניט פאר׳כישופ׳ט?
אבער, בין איך ניט אין היץ נאך?
כ׳גלויב אליין ניט מיינע אוירען —
ס׳האט דער מאפס גענומען ריידען.

שוואביש רעדט ער גאנץ געמיטליך,
און פארזונקען אין געדאנקען
הויבט ער אן פאר׳חלומ׳ט רעדען
און ער האלט אזא מין דרשה:

א, איך ארעמער פאעט!
פון מיין שוואבען ווייט איצט פיהרען
מוז איך דא א הינטיש לעבען,
היטען דער מכשפה׳ס טעפלעך!

ס׳ארא שרעקליכער פארברעכען
איז דער כישוף! און ווי טראגיש
איז מיין מזל: מענשליך פיהלען
אין א הינטיש־גראבער פעל!

ווען כ׳וואלט ליעבערשט מיר פארבליבען
ביי די גוטע שול חברים,
וועלכע ווייסען ניט פון כישוף
און פאר׳כישופ׳ן קיין מענש ניט.

„ליעבערשט וואלט איך מיר פארבליבען
אין דער היים ביי קארל מאיער
און געגעסען זיסע קיכלעך
און די היימיש־גוטע זופען.

„ס'דריקט א בענקשאפט נאך דער היים מיך—
אך, עס ווילט זיך זעהן מיר ווידער
ווי עס געהט דער רויך פון קוימען,
ווען מען קאכט אין קיך די לאקשען."

א געריהרטער אויפגעשפרונגען
בין איך גלייך מיר פון געלעגער,
צוגעזעצט צו דעם קאמין זיך
און מיט מיטלייד אויסגערעדט שטיל:

„ווי אזוי, זאג, עדלער זינגער,
קומסטו אין אוראקאם שטיבעל,
און פארוואס ביזטו פארוואנדעלט
אין א גראבען מאפס געווארען?"

ר'האט מיט פרייד מיר גלייך געענטפערט:
„הייסט עס, איהר זייט קיין פראנצויז ניט
נאר א דייטש, און איהר פארשטאנען
האט מיין שטילען מאנאלאג.

„אך, מיין לאנדסמאן, ס'ארא אומגליק,
וואס דער לעגאציאנסראט קעלע,
ווען מיר פלעגען ביים גלאז ביער
אין דער קרעטשמע דיסקוטירען,

„פלעגט מיט זיכערהייט באהויפטען,
אז בלויז דער, וואס האלט אין רייזען
קען זיין אמת'דיג געבילדעט,
פונקט אזוי ווי ער געבילדעט.

„צו באפרייען מיינע פים מיר
פון דער גראבער, רויער קארע,
און ווי קעלע, אלע פיינסטע
זיטען פון דער וועלט צו קריגען, —

„האב איך ס'פאטערלאנד פארלאזען.
איך בין אויף מיין בילדונגס־רייזע
אין די בערג דא אנגעקומען,
אין אוראקאם קליינעם שטיבעל.

„פון מיין פריינד יוסטינוס קערנער
האב איך מיטגעבראכט א בריף איהר.
ווער זאל גלויבען, אז ס'שטעהט קערנער
אין פארבינדונג מיט מכשפות?

„האט מיך פריינדליך אויפגענומען,
דאך נעם איך מיט שרעק באמערקען,
ווי עס ווערט ביי איהר די פריינדשאפט
אין א ליידענשאפט פארוואנדעלט.

„ס'האט צופלאקערט זיך די תאוה
אין איהר לאנג פארוועלקטען בוזעם,
און די זינדיגע ארורה
האט שוין מיך געוואלט פארפיהרען.

„אך, ענטשולדיגט, נעם איך בעטען,
איך בין ניט קיין געטעאנער,
כ'בין ניט לייכטזיניג, כ'געהער דאך
צו דער דיכטער שול פון שוואבען.

„זיטליכקייט איז אונזער מוזע
און זי טראָגט פון דיקסטען לעדער
אונטערהויזען. אך, פארפלעקען
זאָלט איהר ניט אין מיר מיין טוגענד.

„ס'האָבען ליידענשאפט פיעל דיכטער,
אנד'רע האָבען גייסט, פאַנטאַזיע,
דאָך די טוגענד, זי געהערט נאָר
בלויז צו אונז אליין, די שוואָבען.

„דאָס איז אלץ, וואָס מיר פארמאָגען,
א, ניט ריים אראָב דעם זיטליך־
פרומען רעליגיעזען מאַנטעל,
וואָס פארדעקט מיין נאַקעטקייט.

„כ'האָב אזוי געזאָגט אוראַקאַ'ן,
דאָך אוראַקאַ האָט איראָניש
זיך צולאַכט און מיט א צווייגעל
האָט זי אָנגעריהרט דעם קאָפּ מיר.

„ס'איז אזוי מיר קאַלט געוואָרען,
כ'האָב געפיהלט, ווי אויף די גלידער
ציהט זיך מיר א גענזען פעל אָן,
דאָך עס איז קיין גענזען־פעל ניט. —

„ס'איז וואָס ערגערעס געוועזען,
ס'איז א מאָפּסען־פעל געוועזען,
און פון יענער שעה געבליבען
ביז איך, ווי איהר זעהט, א מאָפּס".

און פון ווייכען האט דער אר׳מער
ניט געקענט א ווארט מעהר ריידען,
ר׳איז אין טרערען שיער צוגאנגען,
אט אזוי האט ער געיאמערט.

„הערט זיך איין" — זאג איך מיט מיטלייד —
אפשר קען איך פון דער הינד־פעל
אייך באפרייען, און דער דיכטונג
און דער מענשהייט ווידער געבען?"

אבער ער, ער הויבט אויף טרויסטלאז
און פארצווייפעלט זיינע לאפעם
אין דער הויך און מיט זיפצען
הויבט ער אן אזוי צו ריידען:

„אין דער פעל פון מאפס פארבלייבען
מוז איך ביז דער יום־הדין קומט,
אויב ס׳וועט מיך קיין יונג־פרוי׳ס גרויסמוט
פון דעם כישוף ניט באפרייען.

„יא, נאר בלויז א ריינע יונגפרוי,
וואס האט ניט געקענט קיין מאן נאך
קען באפרייען מיך, ווען זי וועט
אויספאלגען אט די באדינגונג:

„אין דער נאכט פון סט. סילוועסטער
מוז זי לעזען אהן אן אויפהער
גוסטאוו פפיצער׳ס ליעדער און זי
זאל ניט איינשלאפען דערביי.

„אויב די אונשולדיגע אויגען
שליסען זיך ניט ביי דעם לעזען,
פאלט פון מיר אראב דער כישוף
און כ'וועל מענשליך ווידער ווערען".

„אויב אזוי" — האב איך געענטפערט —
„קען איך ליידער אייך ניט העלפען,
דען איך בין ניט, צום בעדויערען,
ווי איהר זעהט, קיין ריינע יונגפרוי,

„און אונמעגליך איז צו גלויבען,
אז עס קען אמאל זיך טרעפען
אז כ'זאל לעזען פּפיצערס ליעדער
און ניט איינשלאפען דערביי".

## קאפיטעל XXIII.

פונ׳ם הויז פון דער מכשפה
געהען מיר אין טאל ארונטער;
אויפ׳ן פאזיטיוועו ווידער
האבען אונז׳רע פיס געשטעלט זיך.

געהט אוועק, איהר נאכט־געשטאלטען,
געהט אוועק פון אונז, געשפענסטער!
מיר באשעפטיגען פארניגפטיג
ווידער זיך מיט אטא טראל׳ען.

אין דער הייל מיט זיינע קינדער
ליגט דער אלטער און ער שלאפט זיך
מיט׳ן שלאף פון דעם גערעכטען;
פויל הויבט ער זיך ענדליך אויף.

נעבען איהם זיצט י ו נ ק ע ר  א י י נ א ו י ׳ ר,
האלט זיך אלץ דעם קאפ אין קראצען,
ווי א דיכטער, וואס איז מיטען
קען גראד ניט קיין גראם געפינען.

און אויך ביי דער זייט פון פאטער
אויפ׳ן רוקען אויסגעצויגען
ליגען אונשולדיגע ליליען —
אטא טראל׳ס געליעבטע טעכטער.

װעלכע צערטליכע געדאַנקען
שמאַכטען אין דער בליטענזעלע
פון די װײַסע בערענמײדלעך? —
ס'זענען פײַכט בײַ זײַ די אױגען.

און באַזונדערס גאָר די יונגסטע —
אין איהר יונגען האַרצען פיהלט זי
אַזאַ צערטליך זיסען ציטער —
אַ, זי פיהלט קופּידאָ'ס פײַלען!

יאַ, קופּידאָ'ס פײַל געדרונגען
דורך איהר פעל איז אין איהר האַרצען.
און — אַ, הימעל! ס'איז דאָך יענער,
װעמען זי האָט ליעב — אַ מענש!

ר'איז אַ מענש און הײסט שנאַפּהאַנסקי.
אױף דער גרױסער רעטיראַדע
איז ער איהר פאַרבײַגעלאָפען
אין די בערג דאָ אַ פריה־מאָרגען.

און דער אומגליק פון די העלדען
ריהרט דאָך װײַבער. אױף זײַן פּנים
אָפען איז אַצינד, װי שטענדיג,
שאַרף געלעגען די פינאַנצנױט.

און ס'פאַרמעגען זײַנס אין גאַנצען,
גאַנצע צװײ און צװאַנציג גראָשען,
װאָס ר'האָט מיטגעבראַכט פון שפּאַניען,
קומט אַן צו דאָן עספּאַרטעראָ'ן.

ניט געריכטעט אויף דעם זייגער:
אין א פאמפעלונער לאמבארד
ליגט ער איצט. ער איז פון זילבער
און דערצו נאך א ירושה.

און ער לאזט אין וועג זיך לויפן,
אבער אינ׳ם לויפן האט ער
עפּיס בעסערעס געוואונען —
ר׳האט א פרויען־הארץ געוואונען.

יא, זי ליעבט דעם פיינד פון בערען!
א, דו בערין אומגליקליכע!
ווען דאס זאל דער פאטער וויסען
וואלט ער פול מיט כעס צוברומט זיך.

ווי דער אלטער אדאארדא,
וואס מיט בירגער־שטאלץ דערשטאכען
האט עמיליע גאלאטי,
וואלט דאך אטא טראל אויף ליעבערשט

מיט זיין אייג׳נער האנד דער׳הרג׳ט
איצט זיין טאכטער, איידער לאזען,
אז זיין אייגען קינד זאל פאלען
אין די ארעמס פון א פרינץ.

דאך איז גוט געשטימט איצט אטא
און ער האט גאר קיין פארלאנג ניט
ברעכען רויזען, איידער זיי׳רע
בלעטער רייסט דער ווינד ארונטער.

גוט געשטימט ליגט אטא טראל איצט
אין דער הייל ביי זיינע קינדער.
ווי אין פארגעפיהל פון טויט
בענקט ער נאך דער וועלט דער וואהרער.

„קינדער!“ — זיפצט ער און עס טריפען
זיינע אויגען — „ס'ענדיגען זיך
מיינע וואנדערונגען אלע
און איך מוז פון אייך באלד שיידען.

„איך האב היינט געהאט א חלום,
וואס האט גאר א טיף באדייטונג.
מיין נשמה פיהלט דאס זיסע
פארגעפיהל פון נאה'נטען טויט.

„אמת, כ'בין ניט אבערגלויביש,
כ'בין קיין פראזען־בער, דאך גיט עס
זאכען צווישען ערד און הימעל,
וואס דו קענסט זיי ניט ערקלערען.

„גריבלענדיג זיך וועגען מזל,
וועגען וועלט און לעבען, בין איך
איינגעשלאפען, און מיר טרוימט זיך:
איבער מיר הויבט אויף א בוים זיך

„און פון זיינע גרויסע צווייגען
טריפען טראפענס ווייסער האניג.
פאלען גלייך אריין אין מויל מיר. —
אז איך פיהל א זעליקייט.

„זעליג הויב איך אויף די אויגען
און איך זעה: ווי אויף די צווייגען
קלעטערען ארום און קריכען
זיבען קליינע קינדער־בערלעך.

„אַ, באשעפענישען ליעבע!
פון א ראַזיגען קאַליר איז
זייער צארטע פעל און ס׳דוכט זיך,
אז זיי האַבען צו צוויי פליגעל.

„יאַ, די ראַזיג־צאַרטע בערלעך
האַבען צו צוויי זייד׳נע פליגעל
און ווי דינע, הימליש־פיינע,
פלייטען־שטימען זינגען זיי.

„פלוצים איז מיר קאַלט געוואַרען
און ס׳איז פון דער פעל מיין זעלע
ווי א פלאַם ארויסגעשפרונגען —
שטראַלענדיג פליהט זי צום הימעל.״

מיט א ציטערדיגער שטימע
האַט דאַס אַטאַ טראַל געזאַגט אַלץ
און פארשוויגען גלייך געוואָרען...
פלוצים אַנגעשפיצט די אויערען

און א שפרונג געטאַן פון בעט האַט
און פארציטערט פון גרויס שמחה
הויבט ער אַן מיט פרייד צו ברומען:
„קינדער, הערט איהר ניט א שטימע?

„איז דאס ניט די זיסע שטימע
פון איי׳ר מוטער? איך דערקאן דאך
ס׳ברומען פון מיין גוטער מומע,
מומע, דו מיין שווארצע מומע!

ווי משוגע פון דער הייל
האט ער ווילד גענומען לויפען —
גיסט זיך דיינע שונאים איבער,
אט א טראל, לויפסט צו דיין אומגליק!

## קאַפּיטעל XXIV.

אין דעם ראָסענוואַלער טאָל,
אין דעם אָרט דאָרט, וואו אַנומעלט
האָט דעם גרויסען קאַרלס נעפּע
אויסגעהויכט זיין וואַהרע זעלע —

איז אויך אַטאַ טראָל געפאַלען,
פּונקט ווי יענער, ווען יודאַ —
גאַנעלאָן פון מאַינץ — פּעראַט'ן האָט, —
אומגעריכטערהייט באַפאַלען.

אַך, דאָס עדעלסטע אין בערען,
צו דער איינ'נער פרוי די ליעבע
האָט געדינט פאַר דער אוראַקאַ
אַלס אַ נעץ צו כאַפּען אַטאַ'ן.

ס'ברומען פון דער שוואַרצער מומאַ
האָט זי נאָכגעמאַכט גאָר קונציג
און אַרויסגעצויגען אַטאַ'ן
פון זיין זיכערער באַהעלטניש.

ווי אויף פליגלען פון דער בענקשאַפט
לאָזט ער דורכ'ן טאָל זיך לויפען:
נעמט אמאָל אַ פעלז באַשמעקען:
איז דאָ מומאַ ניט פאַרבאָרגען?

אך, ניט מומא, נאר לאסקארא,
איז געוועזען דארט פארבארגען!
און ער לאזט א קויל אין הארץ איהם.
ס'ווייזט זיך באלד א שטראם א רויטער.

ער האט זיך גענומען וואקלען,
איינמאל, צוויימאל, ביז געפאלען
איז ער אויף דער ערד, געוועזען
איז זיין זיפץ דער לעצטער: מומא!

ס'איז אזוי דער העלד געפאלען
און אזוי איז ער געשטארבען.
דאך אונשטערבליך וועט ער בלייבען
שטענדיג אין'ם ליעד פון דיכטער.

ער וועט אויפשטעהן אין די ליעדער,
און זיין רוהם וועט קאלאסאל נאך
אויף פיער פיסיגע טראכעען
איבער אלע וועלטען שפרייזען.

און א דענקמאל אין וואלהאלא
וועט איהם שטעלען * * * * * * *
און אויף איהם אין דעם * * * *
לאפידאר סטיל אזא אויפשריפט:

„אטא טראל. טענדענצבער. זיטליך.
„רעליגיעז. א טרייער מאן.
„פונ'ם צייט־גייסט א פארפיהרטער,
„ווערט א ריינער סאנסקילאט.

„שלעכט געטאַנצט, דערפֿאַר פּרינציפּען
„אין זיין האָר'גער ברוסט געטראָגען.
„טיילמאָל גאָר־ניט־שלעכט געשטונקען.
„קיין טאַלאַנט, דאָך אַ כאַראַקטער.

## קאפיטעל XXV.

דריי און דרייסיג אלטע ווייבער,
אויף די קעפ די שארלאך־רויטע
היטלען פון די אלטע קאסקען,
שטעהען ביי דעם דארפס אריינגאנג.

איינע, פונקט ווי דאמאלט דבורה,
קלאפט און צימבעלט און צוטאנצט זיך,
און זי זינגט דערביי א לויב־ליעד
צו מיין פריינד דעם בערען־טויטער.

און פיער שטארקע מענער טראגען,
טריאומפירענדיג דעם טויטען,
וואס געזעסען אויף א שטול איז,
ווי א שוואכער אין די בעדער.

נאכ'ן טויטען, ווי פארוואנדטע,
געהט לאסקארא און אוראקא
און זי גריסט זיך האלב־צוטראגען
רעכטס און לינקס צו אלע מענשען.

דער געהילף פון מער געהאלטען
האט א רעדע פאר דעם ראטהויז,
ווען דער צוג איז אנגעקומען.
רעדט פון אלערליי דארט זאכען —

ווי צום ביישפּיל, פון דער פּרעסע,
פון דער גרויסקייט פון דער פּלאַטע,
ווענגען בוראקעס און ווענגען
דעם, ווי שלעכט איז דער פּארטיי־האַס.

רעדט פון לודוויג־פיליפּס גרויסקייט
און געהט אונבאמערקט אריבער
צו דעם טויטען אטא טראַל'ען,
צו דער גרויסער טהאַט לאַסקאַראַ'ס.

„דו, לאַסקאַראַ!“ — זאגט דער רעדנער
און ער נעמט דעם שוויים זיך ווישען
מיט זיין שאַרף פון דריי קאָלירען —
„דו, לאַסקאַראַ! דו, לאַסקאַראַ!

„דו, וואָס שפּאַניען האַסט און פראַנקרייך
פון דעם אטא טראַל באפרייט איצט,
דו, דער העלד פוןביידע לענדער,
„פירענעער לאַפּאיעט!“

ווען עס הערט זיך איין לאַסקאַראַ
צו די לויב־געזאַנגען אלע,
הויבט ער אַן צופרידען שמייכלען,
און פון פרייד זיך שטאַרק צו רויטלען.

און מיט אבגעריס'נע ווערטער
הויבט ער שטאַמלענדיג אַן רעדען,
און ער ענטפערט, אז ער דאַנקט זעהר
פאר דער גרויסער, גרויסער עהרע!

און פארוואונדערט קוקען אלע
אויף דעם אונגעהערטען שוישפיעל
און געהיימניספול, מיט מורא
נעמען אלטע ווייבער מורמלען:

„זעה, לאסקארא האט געשמייכעלט!
זעה, עס רויטעלט זיך לאסקארא!
זעה, לאסקארא האלט א רעדע,
ער, דער טויטער זוהן אורראקא'ס!"

רייסט מען אטא'ס פעל ארונטער,
מען פארקויפט אויף אויקציאן זי.
אנגעקומען צו א קירזשנער
איז זי פאר א הונדערט פראנקען.

וואונדערשען האט זי דער קירזשנער
מיט א רויטען טוך באשלאגען,
און ער האט פארקויפט אויף ס'ניי זי
פאר א טאפעלטען שוין פרייז.

צו זשוליעטען אנגעקומען
איז זי פון דער דריטער האנד ערשט.
און אין איהר פאריזער וואוינונג
לעגט זי עס ביים בעט אנידער.

א, ניט איינמאל בין איך בארוועס
אין די נעכט מיר דא געשטאנען
שטיל אויף דעם, וואס ס'איז פארבליבען
אויף דער ערד פון אטא טראל'ען.

און פון וועהמוט דורכגענומען,
ווידערהאַל איך שילער׳ס ווערטער:
„וואָס עס לעבט אין לידער אייביג,
מוז אין לעבן אונטערגעהן!"

## קאפיטעל XXVI.

און די מומא? אָה, די מומא
איז א פרוי און ס'איז איהר נאמען
שוואכקייט. ס'זענען ניט באשטענדיג
פונקט ווי פארצעלאָן די ווייבער.

ווען די האנד פון שיקזאל האט זי
מיט איהר גרויסען מאן צושיידט,
איז זי ניט פאר שמערץ געשטארבען,
און פון פיין ניט אויסגעגאנגען.

ביין, אין גענענטייל, גאר לוסטיג
האט זי זיך גענומען לעבען:
פאר'ן פובליקום, ווי פריהער
טאנצט און זוכט אפלאדיסמענטען.

ענדליך, נאך א לאנגען וואנדערן,
איז זי נאך פאריז געקומען,
אין Jardin-des-Plantes באקומען
א באשעפטיגונג אויף שטענדיג.

פאראכטאגען זונטאג, ווען כ'ביז
מיט זשוליעטען מיר געגאנגען
און איהר די נאטור ערקלערט דא,
די געוויקסען און די חיות —

די זשיראפע און דעם צעדער
פון לבנון, און דאָס גרויסע
דראָמעדאַר און אויך די זעברען,
און ערקלערענדיג איהר אַלעם

זענען מיר זיך צוגעגאנגען
צו א שטייג א פעסט פארצאַמטען,
וואו ס'געפינען זיך די בערען —
גאָט איז הימעל! וואָס זעה איך דאָרט!

א געוואַלדיג גרויסען, ווילדען,
ווייסען שניי־בער פון סיבּיריען,
זעה איך אין דעם שטייג דאָרט צערטליך
ראַמאַנסירען מיט א בערין.

און געוועזען איז דאָס מומא!
ס'איז די פרוי פון אטא טראַל'ען,
כ'האָב דערקענט זי נאָך דעם צערטליך
פייכטען גלאַנץ פון איהרע אויגען.

יאָ, זי איז עס! זי, דעם זידענס
שווארצע טאָכטער! זי, די מומא —
ווער וואָלט גלויבען? — מיט א רום לעבט,
מיט א נאָרדליכען באַרבאַר.

ווינקענדיג זאָגט מיר דער נעגער,
וואָס איז ביי דעם שטייג געשטאַנען:
„קען וואָס שענערעס דען געבען,
ווי צוויי ליעבענדע נשמות?“

„אבער“—פרעג איך—„זאָגט, מיט וועמען
כ'האָב די עהרע איצט צו רעדען?“
ס'קוקט דער נעגער אַן פארוואונדערט:
„איהר דערקענט מיך ניט, באמת?

„כ'בין דער מאָהרען־פירסט, וואָס פויקען
פלעגט אמאָל ביי פרייליגראטען.
שלעכט געוועזן איז מיר, אין דייטשלאנד
פלעג איך זיין ווי איזאלירט.

„אבער דאָ, וואו כ'בין אלס שומר
אנגעשטעלט, און וואו געפונען
האָב איך היימיש־ליעבע פלאנצען
און אויך טיגערען און בערען —

„איז א סך, א סך מיר בעסער
ווי ביי אייך אין אייער דייטשלאנד,
וואו כ'מוז טאָג נאָך טאָג אלץ פויקען
און דערצו זיין שלעכט געפיטערט.

„כ'האָב א קעכין מיר פון עלזאס
פאר א ווייב ניט לאנג גענומען;
און אין איהרע אָרעמס איז מיר
גוט אזוי, ווי אין דער היימאָט.

„און ס'דערמאָנען איהרע פיס מיך
אָן די ליעבע עלעפאנטען,
ווען זי רעדט פראנצויזיש, דאָכט מיר,
כ'הער מיין מוטער־שפּראך, די שווארצע.

„שרייט זי, נעם איך זיך דערמאַנען
פון דער גרויסער פויק דאָס טומלען,
וואָס, מיט שאַרבענס פיעל באַהאַנגען,
האָט געשראָקען לייבען, שלאַנגען.

„דאַך, ביים שיין פון דער לבנה
וויינט זי אָפט, ווי קראָקאָדילען,
וועלכע קומען אויפ׳ן ברעג אַז
אָטעמען די פרישע לופט.

„ס׳איז אַ הערליכע מאכלים
גיט מיין בלאָנדע ווייב מיר עסען;
מיט דעם אַפּעטיט דעם אַלטען,
ווי ביים ניגער, פרעס איך ווידער.

„איך האָב שוין אַ רונדיג בייכעל,
און עס קוקט פון העמד אַרויס זיך,
ווי אַ שוואַרצליכע לבנה
צווישען מחנות ווייסע וואָלקען.“

## קאפיטעל XXVII.

צו אויגוסט פארנהאגען פאן ענסע.

„וואו געפאקט האט איהר די אלע
משוגעת'ן, פלוידערייען,
מיין מאעסטרא לודוויג?" דאס פרעגט
הויך דער קארדינאל פון עסטע,

ווען פון ראלאנדס ווילדע מעשים
האט ער דאס געדיכט געלעזען,
וואס אריאסטא אונטערטעניג
האט זיין עמינענץ געווידמעט.

יא, פארנהאגען, פריינד דו אלטער,
יא, איך זעה אויף דיינע ליפען
שוועבען איצט די זעלבע ווערטער
און דער זעלבער דינער שמייכעל.

לאכסט אפילו ביי דעם לעזען!
דאך, עס טרעפט, אז ס'נעמט זיך ערענסט
דיר דיין הויכער שטערען קנייטשען
און עס וואכען אויף זכרונות: —

„קלינגט דאס ניט ווי יוגענד־טרוימען,
וואס איך חלום מיט שאמיסא,
מיט פוקע און מיט ברענטאנא
אין די בלויע זומער אווענדס?

„קלינגט עס דען ניט ווי די קלאַנגען
פון דער קליינער וואַלד־קאַפּעלע ?
קענסטו ניט דערביי אויך הערען
פון פּאַיאַצען־מייז די גלעקלעך ?

„אין דעם כאָר פון נאַכטיגאַלען
רייסט אריין זיך ס'ווילדע ברומען
פון די בערען, וואָס פאַרביטען
ווערט פון א געשפּענסטער־מורמעל.

„וואַהנזין, וואָס זעהט אויס ווי ווייזהייט,
ווייזהייט, וואָס איז ווי א וואַהנזין !
גסיסה־זיפצען, וועלכע ווערען
אין געלעכטער באַלד פאַרוואַנדעלט !"

„יאָ, מיין פריינד, דאָס זענען קלאַנגען
פון דער לאַנג פאַרגאַנג'נער יוגענד ;
ס'גנב'ענען מאָדערנע טרעלען
אָפּט זיך אינ'ם אַלטען טאָן.

דו וועסט אין די שטאָלצע ווערטער
אַן אונרוהיקייט אָפּט שפּירען —
צו דעם חסד דיינעם, חבר,
גיב איך איבער מיין פּאָעמע.

אַך, דאָס איז פּיליבכט דער לעצטער
פרייער רוף פון דער ראָמאַנטיק !
אין די טעג פון קאַמף און טומעל
וועט עס אונבאַמערקט פארשטומען.

נייע צייטען! נייע פייגעל!
נייע פייגעל! נייע ליעדער!
און זיי טומלען ווי די געגז דארט,
וואס גערעטעט האבען רוים!

ווי עס צוויטשערען די שפאצען!
אין די הענד מיט גראשען־ליכטלעך
גרויסען זיי זיך, ווי יופיטער'ס
אדלער מיט דעם ווילדען דונער.

ווי די טורטעלטויבען ווארקען!
זאט פון ליעבע, ווילען זיי איצט
האסען, און דערפאר שטאט ווענוס'ס
שלעפען זיי בעלאנאס וואגען.

ס'ארא צארנדיגער זשומען
טרייסעלט אויף די וועלט די גאנצע!
ס'זשומען דאס די ריזען־זשוקעס
פון דעם נייעם פעלקער פריהלינג!

נייע צייטען! נייע פייגעל!
נייע פייגעל! נייע ליעדער!
וואלטען מיר פיליכט געפעלען,
ווען כ'זאל אנד'רע אוי'רען האבען!

# דייטשלאַנד.

א ווינטער־מעשה'לע.

געשריעבען אין יאנואר. 1844.

# פארוואָרט.

דאָס דאָזיגע געדיכט האָב איך געשריעבען אין חודש יאַנואַר פון היינטיגען יאָהר, אין פּאריז. און די פרייע לופט פון דעם אָרט האָט אריינגעוועהט אין מאנכע סטראָפען, אַ סך שאַרפער, ווי דאָס איז מיר אייגענטליך ליעב געווען. איך האָב ניט געוואַרט, נאָר האָב די זאַך גלייך געמילדערט און דורכגעלאָזען דאָס, וואָס עס האָט אויסגעזעהן ניט פּאסיג פאַר דעם דייטשען קלימאט. און דאָך ווען איך האָב אין חודש מערץ אוועק געשיקט דאָס מאַנוסקריפּט צו מיין פאַרלעגער אין האַמבורג, האָט מען מיר געלאָזט וויסען, אַז איך מוז בעאַרבייטען נאָך אַנדערע פאַרשידענע שטעלען. און איך האָב זיך נאָכאַמאָל געמוזט נעמען צו דער פאַטאַלער אַרבייט פון איי־בעראַרבייטען. און דעמאָלט האָט עס געמוזט געשעהן, וואָס די ערענסטע טענער זענען געמילדערט געוואָרען מעהר ווי עס איז נויי־טיג, אָדער זיי זענען געוואָרען צו פרעהליך פאַרטויבט פון דעם קלינגען מיט די גלעקלעך פונ׳ם הומאָר. ביי עטליכע נאַקעטע גע־דאַנקען האָב איך אין מיין האַסטיקייט ווידער אַראָפּגעריסען די פייגענבלעטער, און איך האָב דערמיט אפשר פאַרלעצט עטליכע פיינפיהליגע אויערען. דאָס טוט מיר לייד. איך טרייסט זיך אָבער מיט דעם באוואוסטזיין, אַז גרעסערע אויטאָרען האָבען באַגאַנגען עהנליכע עברות. אַריסטאָפאַנעס׳ען וויל איך דאָ אפילו ניט דער־מאָנען. וואָרים ער איז דאָך געווען אַ בלינדער געצענדיענער, און זיין פּובליקום אין אַטהען, הגם עס האָט גענאָסען אַ קלאַסישע ערציהונג, האָט עס אָבער גאָר ניט געוואוסט, וואָס עס הייסט אַזוינס זיטליכקייט. איך קען זיך שוין בעסער באַרופען אויף סערוואַנטעס און מאָליער; דער ערשטער האָט געשריעבען פאַר דעם העכערען אָדעל פון ביידע קאַסטיליענס, דער צווייטער פאַר דעם גרויסען

קעניג און גרויסען הויף אין ווערסאל. אך, איך פארגעס, אז מיר לעבען אין א זעהר באלעבאטישער צייט. און איך זעה ליידער פאראויס, אז א סך טעכטער פון די געבילדעטע שטאנדען ביי דער שפרעע, אדער אפשר גאר ביי דער אלסטער, וועלען ביי מיין געדיכט פארציהען די מעהר אדער ווענינער הארבאטע נעזלעך! וואס איך זעה אבער פאראויס נאך מיט מעהר ליידען, דאס איז דעם טומעל, וואס דאס געדיכט וועט ארויסרופען ביי די פרושים פון דער נאציאנאליטעט, וועלכע געהען איצטער האנד אין האנד מיט די אנטיפאטיען פון די רעגירונגען, און וועלכע געניסען אויך די פולע ליעבע און הויכאכטונג פון דער צענזור, און קענען געבען דעם טאן אין דער טעגליכער פרעסע, ווען עס גילט צו שעדיגען יענע געגנער, וועלכע זענען אין דערזעלביגער צייט אויך די געגנער פון זייער אלערהעכסטע הערשאפטען. מיר זענען אין הארצען באוואפענט אקעגען די אנפאלען פון די דאזיגע העלדענמוטיגע לאקאיען אין דער שווארץ־רויט־גאלדענער ליווריע. איך הער שוין זייערע ביער־שטימען: „דו לעסטערסט אפילו אונזערע פארבען, דו פאראכטער פון פאטערלאנד, פריינד פון די פראנצויזען, צו וועמען דו ווילסט אפטרעטען דעם פרייען רהיין!“ בארוהיגט אייך. איך וועל אייערע פארבען אכטען און עהרען, ווען זיי וועלען דאס פארדיענען, ווען זיי וועלען מעהר ניט זיין קיין שפיעל פאר ליידיגגעהער און קנעכט. שטעלט ארויף די שווארץ־רויט־גאלדענע פאהן אויף די הויכען פון דעם דייטשען געדאנק, מאכט זי פאר דעם שטאנדארט פון דעם פרייען מענשענטום, און איך וועל פאר איהר מקריב זיין דאס בעסטע בלוט פון מיין הארצען. בארוהיגט אייך. איך האב ליעב דאס פאטערלאנד פונקט אזוי שטארק ווי איהר. א דאנק דער דאזיגער ליעבע האב איך דרייצעהן יאהר פון מיין לעבען געמוזט צוברענגען אין גלות. און נאר א דאנק דער דאזיגער ליעבע געה איך ווידער אפריכטען גלות, אפשר אויף אייביג. יעדענפאלס וועל איך זיך ניט אונטערלעקען און ניט אנשטעלען קיין הכנעה'דיג פנים. איך בין א פריינד פון די פראנצויזען, פונקט אזוי ווי איך בין א פריינד פון אלע מענשען, ווען זיי זענען פארנינפטיג און גוט, און ווייל איך אליין בין ניט אזוי

נאריש אָדער שלעכט, צו ווינשען אז מיינע דייטשען און די פראַנ־צויזען, די צוויי אויסדערוועהלטע פעלקער פון דער הומאַניטעט זאָלען זיך איבערשניידען די גאָרגלען, לטובה ענגלאַנד און רוס־לאַנד און פאַר די פרייד פון אַלע יונקערס און קלעריקאַלען פון דער וועלט. זייט רוהיג, איך וועל דעם רהיין קיינמאָל ניט אָפּטרעטען צו די פראַנצויזען. שוין אויס דעם איינציגען גרונד, ווייל ער באַ־לאַנגט צו מיר. יאָ, ער באַלאַנגט צו מיר, דורך מיין געבורטס־רעכט. איך בין דעם פרייען רהיינס פרייער זוהן. אויף זיינע ברעגען איז געשטאַנען מיין וויעג. און איך זעה גאָר ניט איין, פאַר־וואָס דער רהיין זאָל באַלאַנגען צו עמיצען אַנדערש, ווי צו די קינדער פון יענעם לאַנד. אוודאי קען איך דער דייטשער מלוכה ניט אזוי לייכט איבערגעבען עלזאַס־לאָטערינגען. וואָרים די מענ־שען אין יענעם לאַנד קלעפּען פעסט צו פראַנקרייך, א דאַנק די רעכ־טע, וואָס זיי האָבען געוואונען דורך דער פראַנצויזישער רעוואָ־לוציאָן. א דאַנק יענע געזעצען וועגען גלייכהייט און א דאַנק די פרייע אינסטיטוציאָנען, וואָס זענען אזוי אַנגענעהם פאַר דעם בירגערליכען געמיט, אבער וועלכע לאָזען פאַר דעם מאָגען פון המון נאָך גענוג איבער צו ווינשען. און דאָך, די עלזאַסער און לאָ־טערינגער וועלען זיך ווידער אַנשליסען אָן דייטשלאַנד, ווען מיר וועלען ענדיגען דאָס, וואָס די פראַנצויזען האָבען אָנגעהויבען. ווען מיר וועלען זיי איבערשטייגען אין דער טאַט, ווי מיר האָבען דאָס שוין געטאָן אין געדאַנק, ווען מיר וועלען דאָס דערהויבען צו דער העכסטער מדרגה, ווען מיר וועלען צושטערען דעם הימעל, און ווען מיר וועלען גאָט, וועלכער וואוינט אויף דער ערד און מענ־שען, רעטען פון זיין דערנידערונג, ווען מיר וועלען ווערען די אויס־לייזערס פון גאָט, ווען מיר וועלען דאָס אָרימע, אומגליקליכע פאָלק, אין דעם פאַרשפּאָטעטען געניוס און די געשענדעטע שענ־הייט צוריק געבען זייער ווירדע, ווי עס האָבען געזאָגט און געזונ־גען אונזערע גרויסע מייסטערס, און ווי מיר ווילען עס. מיר, די תלמידים זייערע — יאָ, ניט בלויז עלזאַס און לאָטערינגען וועט־לען צופאַלען צו אונז. נאָר גאַנץ פראַנקרייך, גאַנץ אייראָפּאַ, די גאַנצע וועלט — די גאַנצע וועלט וועט ווערען דייטש ! — פון דער

III.

ראַזיגער מיסיאָן און פון אזא אוניווערזאַל הערשאַפט פון דייטש־לאַנד חלום איך אַפט, ווען איך שפּאַציער אונטער דעמבעס. דאָס איז מ י י ן פּאַטריאָטיזם.

אין מיין נעקסטען בוך וועל איך זיך אומקערען צו דער ראַזיגער טעמא, מיט דער לעצטער ענטשלאָסענהייט, מיט א שטרענגער ריק־זיכטסלאָזיקייט, יעדענפאַלס מיט לאָיאַליטעט. איך וועל אכטען דעם שטאַרקסטען ווידערשפּרוך, ווען ער וועט נאָר ארויסגעהן פון א איבערצייגונג. אפילו די רויהסטע שנאה וועל איך דעמאָלט גע־דולדיג פאַרגעבען. איך וועל זיך צוהערען אפילו צו דער נאַריש־קייט, ווען זי איז נאָר געמיינט עהרליך. פאַרקעהרט אבער ווידמע איך מיין גאַנצע שווייגענדיגע פאַראַכטונג יענעם נידריגען נפש, וועלכער וויל מיך ארטפּזעצען אין דער עפענטליכער מיינונג, נאָר אויס איינפאַכער הנאה פון בארעדען, אדער אויס מיאוס'ער פער־זענליכער קנאה, און באנוצט זיך דערביי מיט א מאסקע פון פּאַט־ריאָטיזם, אָדער גאר מיט א מאסקע פון רעליגיאָן און מאָראַל. דער אנאַרכישער צושטאַנד פון דער דייטשער פּאָליטישער און ליטעראַ־רישער צייטונגס בלעטער־וועלט, איז אין דער באַציהונג אָפטמאָל אויסגענוצט געוואָרען מיט אזא טאַלענט, אז איך מוז שיער באַ־וואונדערן. ווירקליך, שיפּטערלע איז ניט טויט. ער לעבט נאָך אלץ, און זייט יאָהרען שטעהט ער אָן דעם שפּיץ פון א גוט אָרגאַניזירטער באַנדע פון ליטעראַרישע גנבים, וואָס טרייבען זיך ארום אין די בעהמישע וועלדער פון אונזער טעגליכער פּרעסע, ליגען באהאַלטען הינטער יעדען קוסט, און הינטער יעדען בלאַט, און געהאָרכען דעם שטילסטען פייף פון זייער ווירדיגען הויפּטמאַן.

נאָך איין וואָרט. דאָס „ווינטער־מעשה'לע“ מאַכט אויס דעם סוף פון די „נייע געדיכטען“, וועלכע ערשיינען איצטער ביי האָפ־מאַן און קאמפּע. כדי צו קענען פאַראנשטאַלטען דעם איינצעל דרוק, האָט מיין פאַרלעגער געמוזט איבערגעבען דאָס געדיכט צו דער וואכענדער נאַטשאַלסטווע, כדי זי זאָל עס בעסער באַקוקען. און נייע וואַריאַנטען זענען דאָס די פאָלגען פון אָט דער העכערער קריטיק.

האמבורג, 13טען סעפּטעמבער, 1844.

הייגריך היינע.

VI.

## קאפיטעל I.

ס׳איז דעמאָלט דער חודש נאָוועמבער געווען,
די טעג זענען טריבער געוואָרען;
דער ווינד האָט געריסען די בלעטער פון בוים
ווען איך בין קיין דייטשלאַנד געפאָהרען.

איך ווייס ניט פון וואַנען עס האָט זיך צו מיר
א צאַרטקייט אַזעלכע גענומען,
איך טראַכט, און מיר דאַכט זיך, אז איך האָב געוויינט,
ווען איך בין צום גרענעץ געקומען.

ביים ערשטען וואָרט דייטש האָב איך ווידער דערפיהלט
א וועה, אַזא שטילען און גוטען,
אזוי ווי דאָס וואונדיגע הארץ אין מיין לייב
וואָלט לאַנגזאַם און רוהיג פאַרבלוטען...

א מיידעל א קליינס, מיט א האַרף אין דער האַנד —
א ליעד האָט דאָס מיידעל געזונגען,
און איך בין געוואָרען געריהרט פון דעם ליעד
כאָטש פאַלש האָט איהר קול׳כעל געקלונגען.

דאָס קינד האָט געזונגען פון ליעבע און וועה,
פון שטאַרבען און לעבעדיג־ווערען —
דאָרט אויבען, אויף יענער, דער בעסערער וועלט,
וואו ס׳וואוינען די זון מיט די שטערען.

דאָס קינד האָט געזונגען פון יאָמער אויף דר׳ערד,
פון יאָמער און נישטיגע פריידען;
דאָס קינד האָט געזונגען פון אייביגער פרייד,
וואָס וואַרט אויף אונז דאָרט אין גן־עדן...

דאָס קינד האָט געזונגען דאָס הימלישע ליעד,
דאָס ליעד וואָס מען האָט אונז געגעבען,
מיר זאָלען פערוויגען דאָס פאָלק — דעם חמור,
וואָס גאַרט צו געניסען פון לעבען...

פאַר מיר איז ניט פרעמד ניט דאָס ליעד ניט דער טעקסט
איך קען אויך די איידלע פערפאַסער;
איך וויים — אין פאַרבאָרגענהייט טרינקען זיי וויין
און פרעדיגען עפענטליך וואַסער.

הערט ברידער! — אַ בעסער ליעד זינג איך אייך איצט,
איך וויל, אַז איהר אַלע זאָלט וויסען:
אַז יעדער פון אייך קען שוין דאָ אויף דער ערד
די שפּייז פון גן־עדן געניעסען.

מיר ווילען שוין גליקליך זיין דאָ אויף דער ערד,
מיר ווילען שוין לענגער ניט שקלאַפען;
פערשליגגען ניט מעהר זאָל דעם פוילענצערס בויך,
וואָס פלייסיגע מענשען באַשאַפען!

און ברויט וואַקסט גענוג אויף דער מאַמע, דער ערד,
די גאַנצענע וועלט צו פאַרברויטען;
עס וואַקסען אויך רויזען און שענקייט און לוסט
און אַרבעס געשמאַקע אין שויטען.

מיר נעמען די ארבעס און קאכען זיי אפּ,
פארבראקט מיט א ווייצענעם טייגעל;
דעם הימעל — איהם לאזען מיר איבער דערוויילע
פאר גאט, פאר מלאכים, און פייגעל.

און וואקסען אונז פליגעל אמאל נאכ'ן טויט,
דאן וועלען מיר זיי שוין באזוכען;
און וועלען זיך לאזען מכבד זיין דארט
מיט פיש און מיט פלאדען און קוכען.

יא, נייע איז דאס ליעד וואס איך זינג אייך אצינד —
אוועק מיט די קלויסטער־געזאנגען!
אוועק מיט דעם פינסטערען גלאקען־געקלאנג —
דאס ליעד מיינס האט שענערע קלאנגען.

עס איז צו דעם גייסט פון דער פרייהייט, אצינד,
אייראפּא א כלה געווארען;
זיי האבען זיך ביידע געהאלזט און געקושט,
און האבען זיך טרייהייט געשווארען.

מען האט ניט געווארט אויף קיין ברכות פון פּאפּ —
דאס זיינען פערלעגערטע סחורות —
זאל לעבען דער חתן, די כלה מיט איהם
ביז העט, אין די קומענדע דורות!

יא ברידער, א חופּה־געזאנג איז מיין ליעד,
דאס ליעד מיינס, דאס בעסערע, נייע.
מיין הארץ איז א הימעל מיט שטערען, אצינד,
מיט שטערען געהייליגטע, פרייע.

די שטערען — זיי פלאקערען אויף אין מיין הארץ,
אונ הגע־ווייז ווער איך געזינד־ער : —
מיר דאכט זיך, די דעמבע, די שטארקסטע וואלט איך
מיט לייכטקייט צובראכען אצינדער.

דער ריעז אין דער היים, אויף דער היימישער ערד,
איז אינגער געווארען אין יאהרען;
דער ריעז איז געקומען אויף היימישער ערד,
און שטארק איז ער ווידער געווארען.

## קאפיטעל II.

בשעת ס'האט דאס מיידעל באזונגען אזוי
דעם שענעם גן־עדן־קרעדענצעל,
האט רוהיג די וואך פון דער גרעניץ דערוויי׳ל
געמאכט א וויזיט אין מיין רענצעל.

זיי האבען די הויזען צוקנייטשט און באשמעקט,
די נאז־טיכלעך מיינע צוקנאטען;
זיי האבען בריליאנטען און שפּיצען געזוכט,
און ביכער וואס זיינען פארבאטען.

נאראנים! וואס זוכט איהר אין רענצעל ארום,
וואס טויג אייך די צייט צו פערליערען?
אין קאפּ טראג איך אלעס וואס איז נישט ערלויבט
קיין דייטשלאנד אריבערצופיהרען.

אין קאפּ טראג איך שפּיצען, וואס קיינער וועט זיי,
אין בריסעל קיינמאל פאבריצירען;
און פּאק איך זיי אלע פון קאפּ אמאל אויס,
דאן וועט איהר זיי זיכער דערשפּיערען...

אויך טייערע דימענטען טראג איך אין קאפּ,
בריליאנטען, וואס וועלען באציערען
די קרוין פון דעם גרויסען און קומענדען גאט,
וואס וועט צו דער פרייהייט אונז פיהרען.

און ביכער א סך טראג איך אום אין מיין קאפ —
דערין מעגט איהר אלע זיין זיכער —
מיין קאפ איז א פיפטשענדיג־פויגלישער נעסט
פון לויטער פארבאטענע ביכער.

איך זאג אייך, ביים טייוועל, אין זיין ביבליאטעק,
געפינט איהר אזעלכע גאר שווערליך;
אפילו ביים גראף פאללערסלעבען אויך ניט —
כאטש ער האט געשריעבען געפעהרליך! — —

דא האט זיך דערנעהנטערט א רייזע־פארשוין,
וואס האט מיר גענומען דערווייזען:
אז דאס איז די גרעניץ, אדא וואו איך שטעה —
אז דאס איז דאס צאל־אמט פון פרייסען.

"דאס צאל־אמט וועט שטארק מאכען אונזער בעשטאנד
— האט ער מיר געגעבען צו וויסען —
"אויך וועט דאס צונויפבינדען שטארקער דאס לאנד,
דאס לאנד אונזערס, וואס איז צוריסען."

"עס גיט אונז דאס צאהל־אמט אן אחדות אזא,
וואס וועט אונזער האנדעל באלעבען;
די ליעבע צענזור וועט אונז אלעמען אויך
א העכערע ערעלקייט געבען.

"די ליעבע צענזור קלעהרט אונז אלעמען אויף
מיר זאלען אינאיינעם א טראכט טאן;
אז נאר מיט דעם כוח פון אחדות, קען זיך
פון פאטערלאנד עפעס א מאך טאן!"

## קאפיטעל III

אין קלויסטער פון אכען, אין הייליגען דאָם,
ליגט קארל דער גרויסער באַגראָבען:
נאָר מיינט ניט, אז דאָס איז קארל מייער פיליכט —
דער דאָזיגער לעבט גאָר אין שוואָבען.

אין אכען, אַלס קייזער באַגראָבען צו זיין,
דאָס וואָלט זיך פאַר קיינעם ניט לוינען:
שוין גלייכער צו לעבען אַלס קלענסטער פּאָעט —
ביים נעקאַר־שטראָם ערגעץ צו וואוינען.

אין אכען לאַנגווייליגען די הינד זיך אין גאַס,
זיי בעטען זיך: „פּעטער׳ל־לעבען,
קום, גיב אונז א בריק כאָטש, פיליכט וועט דאָס אונז
צושטרייאונג אַביסעלע געבען.

שפּאַצירענדיג האָב איך אין דאָזיגען נעסט,
א שעה אויפ׳ן זייגער פאַרלאָרען;
כ׳האָב ווידער דאָס פּרייסישע קריגס־פאָלק געזעהן —
ס׳איז גאָר ניט פאַרענדערט געוואָרען.

די מאַנטלען אויף זיי זענען אימער נאָך גרוי,
און רויט זענען זייערע קעלנער,
(געזונגען האָט קערנער: „דאָס רויטע באַדייט,
דאָס בלוט פון פראַנצויזישע זעלנער!“)

זיי זענען נאָך אַלץ יענע הילצערנע לייט,
וואָס קענען זיך פריי ניט באַוועגען;
דאָס זעלביגע נאַרישע שטאָלצע געזיכט
ביי יעדען וואָס קומט דיר אַנטקעגען.

זיי גערען ארום אזוי שטאָלץ, אזוי שטייף,
עס דאכט זיך — ס'האָט יעדוועדער איינער
פארשלונגען דעם שטעקען מיט וועלכען מען האָט
אמאָל איהם געבראכען די ביינער.

זיי טראָגען דעם שטעקען אצינדערט אין זיך,
זיי קענען פון איהם פטור ניט ווערען;
זיי ריידען ווי ברידער און קוקען זיך אָן
ווי שטייפע, פארפרוירענע הערען.

אויך טראָגען זיי וואָנסען, און לאַנגע ווי צעפ —
די מאָדע פון צאָפ געהט ניט אונטער —
נאָר אנשטאָט פון הינטען, הענגט איצטער דער צאָפ
פון אונטער די נעזער ארונטער.

דאָס נייע קאָסטיום פון די רייטער איז שען
יא, זעהט איהר, דאָס מוז איך שוין לויבען;
אָם שענסטען געפעלט מיר דער קיווער פון שטאָהל,
דער שפּיץ אויף דער שארפער פון אויבען.

דאָס איז אזוי ריטערליך־שען — עס דערמאָנט
די צייט פון דער שענער ראָמאַנטיק;
די שלאָס־פרוי יאהאַננע פון מאָנטפאוסאָן,
די גרעפין פאָווקע און אוהלאַנד טיעק.

דער שפּיץ פון׳ם קיווער דערמאַנט אונז די צייט
פון גרעפישע קנעכט און פון ריצער;
וואָס האָבען געטראָגען געטריישאפט אין הארץ
און אויבעט א הערב אויף׳ן זיצער;

דער קיווער דערמאַנט אונז דעם קרייץ־צוג, און אויך
די צייט פון די וואנדער־פּאָעטען —
דאָס גלויבענס־ווארט האט מען נאָך דאַן ניט געדרוקט
מען האָט ניט געהאט קיין גאזעטען.

דער קיווער געפעלט מיר, יא יא, ער באווייזט
א וויץ פון א גאון׳שען מח;
דער איינפאל איז קעניגליך גרויס, אין דעם שפּיץ
ליגט גאָר א באַזונדערער כח.

דאָס אומגליק איז נאָר, ווען א שטורעם קומט אָן,
דאַן קענען חלילה די שפּיצען
אראָפּציהן אויף אייער ראָמאַנטישען קאָפּ
דעם הימעלם מאָדערנסטע בליצען.

אויך מוזט איהר אין צייט פון מלחמה, פאר זיך
א היטעל א גרינגערען קויפען —
די קיווערס, זיי קענען אייך ווערען צו שווער
ווען איהר וועט באדארפען אנטלויפען — — — —

אין אכען האָב איך אויף׳ן שילד פון דער פּאָסט,
געזעהן אויף דעם מיאוס׳ען פויגעל
וואָס איז מיר פארהאסט, און געקוקט האָט ער ווילד
אויף מיר, מיט זיין גיפטיגען אויגעל.

דו מיאוס'ער פויגעל, איך שווער עס דיר צו
דו פליה מיר נאָר ווען־עס־איז אונטער,
דאַן כאַפּ איך און פליק דיר די פעדערען אויס,
און האַק דיר די נעגעל אַרונטער...

איך זעץ דיך אַרויף אויפ'ן שפּיץ פון אַ דראַנג,
אביסעלע לופט צו געניסען;
דאַן רוף איך די רהיינישע יעגער אַהער —
און הײַם זײַ, זיי זאָלען דיך שיסען.

און דער וועלכער שיסט דיך אַראָפּ פון דער הויך
אַ קרוין זאָל איהם ווערען געגעבען;
מיר בלאָזען טראָמפּעטען, און שרייען הוררא,
און רופען: „דער קעניג זאָל לעבען!"

## קאפיטעל IV.

דערהערט האָב איך ווידער דעם רויש פונ׳ם רהיין,
ווען איך בין קיין קעללען געקומען;
איך האָט מיך די דייטשע פארנאכט־לופט דערפרישט
און הונגערן האָט מיך גענומען.

געגעסן האָב איך מיט גרויס אפעטיט
אויף אייער געפרעגעלטע שינקען,
און ווייל ס׳איז געזאלצן געווען — האָט דאָס מיך
געצוואונגען אויך עפּיס צו טרינקען.

דער רהיין־ווייַן — ער פינקעלט אויך היינט נאָך ווי גאָלד,
אין גרינליכע רוימישע גלעזער,
און יענע וואָס נעמען א גלעזעל צופיעל
זיי קריכט ער אריין אין די נעזער.

ער קיצעלט אין נאָז אזוי זים — אז ס׳איז לייכט
אין גאנצען די מאָס צו פערליערען. —
האָב איך זיך געלאָזען אליין אין דער נאכט
דורך ליידיגע גאסען שפּאציערען.

געקוקט האָבען אלע די הייזער אויף מיר
אזוי ווי זיי וואָלטען דערצעהלען,
לעגענדען פון לאנג־שוין פערגעסענער צייט
און מעשיות פון הייליגען קעללען.

יאָ, דאָ האָט די וויסטע כלי קודש אמאָל
די מונקעל־געשעפטען בעטריבען.
און דאָ האָט די חברה די שווארצע געהערשט
וואָס הוטטען דער גראַף האָט באשריעבען.

געטאַנצט דעם מיטעל־אַלטער־קאַנקאַן האבען דאָ
מאַנאַכען מיט נאָנען גאָר פיינע;
און דאָ האָט האַכשטראַטען געשריעבען אמאָל
די בייזע רכילות׳לעך זיינע.

און דאָ האבען פלאַמען פון שייטער־האַלץ אויך,
פיעל ביכער און מענשען פארשלונגען;
ראַביי האָט מען אייביג געצויגען דעם גלאָק,
און „גאָט האָב רחמנות" געזונגען.

דאָ האָבען זיך רשעות מיט גראָבקייט געפּאָרט,
געפּאָרט, ווי די הינד אין די גאַסען;
די אייניקלאָך זייערע דערקענט מען נאָך היינט
אין זייער אמונה־פארהאַסען.

דאָך זעה נאָר, דעם הויכען געוואַלטיגען ריעז
וואָס שטעהט דאָ, אין נאַכט־שיין אין העלען.
ער הויבט זיך ארויף אַזוי טייוויליש און שוואַרץ —
יאָ דאָס איז דער דאָם פון שטאָדט קעללען.

געזאָלט האָט דאָס זיין אַ באַסטיליע פון גייסט
אַ טורמע פאַר מענשען וואָס טראַכטען.
געמיינט האָט די קליקע פון רוים, אז ס׳וועט דאָ
דער שכל דער דייטשער פארשמאַכטען.

דאָך באַלד איז געקומען דער לוטהער און האָט
צופּלעמט זיי דעם עסק אויף פּיצלעך.
איצט שטעהט, ניט פאַרענדיגט דער דאָם און זעהט אויס,
אַזוי ווי אַ גרויסער לאַ־יצלח.

ניט פאַרטיג דער דאָם, דאָס איז גוט, עס באַווייזט
פיעל שכל די דייטשען פאַרמאָגען;
ס'באַווייזט אַז די קראַפט פון דער פינסטערער מאַכט
איז איצטער שוין נעבאך אויף קלאָגען.

איהר בידנע פּאַיאַצען פון דאָם־פאַראיין, איהר —
איהר זענט אַזוי שוואך שוין געוואָרען,
דאָך טראַכט איהר נאָך אַלץ צו פאַרענדיגען גאַנץ
די טורמע פון פריהערע יאָהרען.

אומזיסט וואָס איהר קלינגט מיט דער פּושקע, און בעט
אַפילו ביי אידען נדבות.
עס איז אייער אַרבייט דעם טייוועלס אַ שפּיעל,
דאָס טרייבט ער מיט אייך זיין קאַטאָוועס...

יאָ גלויבט מיר, אומזיסט וועט דער גרויסער פראַנץ ליסט,
צו גונסטען פון דאָם מוזיצירען;
עס מעג אויך אַפילו אַ קעניג דאַביי,
טאַלאַנטפול און שען דעקלאַמירען.

דער דאָם וועט זיך קיינמאָל פאַרענדיגען מעהר,
יאָ, כאָטש איהר געפינט נאָך בעלנים,
אַזעלכע וואָס שיקען אייך, שטיינער אַ שיף
אַזוי ווי די שוואָבען־נאַראַנים

אויך העלפט ניט דאָס פינסטערע ראָבען־געשריי,
מיר ווייסען, עס ווילט זיך זיי זיצען
אויף טורעמס פון קלויסטערס אזוי ווי אמאָל,
הויך־הויך אויף די צלמים און שפּיצען.

דער דאָם ווערט זיך קיינמאָל פארענדיגען מעהר,
יא, זיכער, עס קומען די צייטען,
ווען ס'וועט דער נישט פארטיגער הייליגער דאָם
זיך גאָר אין אַ פערד־שטאָל פארבייטען.

„אַ פערד־שטאָל וועט זיין אונזער הייליגער דאָם —
וואו ליעגט דאָ דער מענשליכער שכל?
וואו טהוט מען די הייליגע דריי קעניגען אהין
וואָס ליגען אין דאָם אין זיין היכל?"

אזוי הער איך פרעגען — דאָך דארפען מיר זיך
אין איצטיגער צייט מעהר ניט שעהמען.
מען קען פאר די הייליגע קעניגען דריי,
אן אנדער קווארטיר ערגעץ נעהמען.

אָט נאָט איך אַן עצה: איהר פאקט זיי אריין
אין יענע דריי קוישען פון אייזען,
וואָס הענגען אין מינסטער, דאָרט הויך אויפ'ן טורם,
וואָס האָט סאנקט־לאמבערטי געהייסען.

פעהלט איינער פון דריי־בונד — טאָ זיינען ביי אונז
אויך לומפען פארהאַנען ניט וועניג.
נעהמט איינעם פון אונזערע, פילט מיט איהם אוים
דעם אָרט פון דעם מזרח־לאנד־קעניג.

## קאפיטעל V

און קומענדיק נאָהענט צום רהיין־בריק, בין איך,
ביים האַפען דאָרט שטעהן מיר געבליעבען;
כ'האָב פליעסען געזעהן אין לבנה־שיין דאָרט,
דעם רהיין, אונזער פאָטער דעם ליעבען.

וואָס מאכסטו, מיין פאָטער, מיין אַלטיטשקער רהיין,
ווי איז דאָס מיט דיר דאָ געגאַנגען?
ווען איך האָב געטראַכט וועגען דיר, אין דער פרעמד,
האָט מיך אַזאַ בענקשאַפט געפאַנגען.

דאָ האָט מיר געענטפערט אַ בורטשענדיק קול,
אַ מורמלען אַ מאָדנער פון וואַסער,
מיר האָט זיך געדאַכט, אַז עס הוסט און עס רעדט
אַ גרייז־גראָהער זקן, אַ בלאַסער.

„ווילקאָמען, מיין יונג, ס'איז מיר ליעב וואָס איך לעב
נאָך אַלץ אין דיין האַרץ און זכרון;
שוין באַלד אַ יאָהר דרייצעהן... יאָ, איך בין דערוויי ל
גאָר שרעקליך באַהאַנדעלט געוואָרען.

„פאַרשלונגען אין ביבעריך שטיינער האָב איך,
אַ מאכל — ניטאָ וואָס צו זאָגען;
נאָך שרעקליכער שמעקט ניקלאַס בעקער'ס געזאַנג —
עס דריקט און פאַרדאַרבט מיר דעם מאָגען.

„עס האָט מיך דער נאַרישער יונג אין זײן ליעד
אַזש ביז צו א „בתולה" דערהױבען;
דו הערסט? יאַ, א הײליגע בתולה בין איך,
װאָס לאָזט זיך איהר אונשולד ניט רױבען!...

„איך זאָג דיר, מיר װילט זיך צופּליקען מײן באָרד,
באַקום איך דאָס ליעדעל צו הערען!
מיר װילט זיך אַרײנשפּרינגען אין ז י ך אַרײן,
אום דאָרטען דערטרונקען צו װערען!...

„אז א י ך בין קײן בתולה, קײן הײליגע ניט,
דאָס װײס דער פראַנצױז, אונזער שכן.
ער האָט מיט מײן װאַסער ניט אײנמאָל פאַרמישט
דאָס װאַסער פון זײנס א נצחון...

„עס האָט מיך דער נאַרישער יונג מיט זײן ליעד
צו שאַנד געמאַכט, מיאוס און שרעקליך;
ער האָט אױך מײן גאַנצען פּאָליטישען שטאָלץ
צופּיצעלט אױף בישטיגע ברעקליך.

„פאַלט אײן די פראַנצױזען צו קומען צוריק,
װי שרעקליך פאַרשעהמט װעל איך װערען!
איך, װאָס אױף זײער צ ו ר י ק ־ ק ע ה ר האָב איך
בײם הימעל געבעטען מיט טרערען.

„איך האָב זײ דאָך שטענדיג געליעבט אַזױ הײס,
די האַרציגע קלײנע פראַנצױזלעך;
זאָג, שפּרינגען און זינגען זײ איצט נאָך װי פריה'ר?
און זענען נאָך װײס זײ'רע הױזלעך?

„עס בענקט זיך מיר שטארק זיי נאך איינמאל צו זעהן
און דאך, זייער חוזק'ן שרעקט מיך! —
דאס דאנק איך דעם נארישען בעקער'ס געזאנג,
וואס האט אזוי שענדליך באפלעקט מיך.

„דער אלפרעד מיוסע, יענער גאסען־יונג קומט
פאראויס די פראנצויזעלעך מיינע,
אלס פויקער פיליירבט, און ער פויקט פאר מיר אויס,
די שענדליכסטע שפאס־ווערטלעך זיינע."

אזוי האט דער ארעמער פאטער, דער רהיין,
באקלאגט זיך אין נאכט־שיין אין העלען;
איך האב איהם געטרייסט און געבעטען ביי איהם
ער זאל זיך דאס הארץ ניט צוקוועלען.

ניט ציטער, מיין פאטער, ווייל גאר־נישט איז ווערטה
דער שפאט פון די ליעבע פראנצויזען;
זיי זענען די אלטע פראנצויזלעך ניט מעהר
זיי טראגען שוין אנדערע הויזען.

ניט ווייס זיינען איצט זיי'רע הויזען, נאר רויט,
און קנעפלאך אויך האבען זיי נייע;
זיי זענען איצט ערנסט — זיי זענען ניט מעהר
די זינגענדיג־שפרינגענדיג־פרייע.

זיי רעדען פון פיכטע און העגעל און קאנט
און לערנען זיך פילאזאפירען,
מען רויכערט, מען טרינקט, און מען הויבט זיך שוין אן
מיט בייז־באל פאראינטערעסירען.

זיי האַלטען שוין לאַנג ניט מיט זייער וואַלטער,
זיי זענען שוין אויס אַטעאיסטען;
זיי ווערען אַזעלכע בעל־הבית'לעך ווי מיר,
זיי ווערען בעל־הבית'ישע קריסטען.

דער אַלפרעד מיוסע איז אַ גאַסען־יונג נאָך,
ס'איז וואהר, אָבער גאָר־ניט געפעהרליך;
מיר בינדען די צונג איהם און נאָכדעם זאָל ער
זיך וויצלען, אויב ס'איז איהם ניט שווערליך.

און פּויקט ער דיר אויס זיינם אַ שענדליכען וויץ,
דאַן זענען מיר אויך ניט פאַרשלאָפען!
מיר שפּיעלען איהם אויך, וואָס עס האָט זיך מיט איהם
ביי פרויען גאָר שענע געטראָפען...

ניט קרענק זיך, מיין פאָטער, זיי רוהיג מיין רהיין!
ניט טראַכט פון קיין נארישע ליעדער;
אָט באַלד זאָלסטו הערען אַ שענערעס ליעד —
לעב גליקליך. מיר זעהען זיך ווידער...

## קאפּיטעל VI.

באַגלייט פּאַגאַניני׳ן האָט שטענדיג אַ גייסט,
וואָס פלעגט ווי אַ הונד זיך געשטאַלטען,
און אָפט ווי דער שריפטשטעלער האַררים וואָס ליגט
אַצינד שוין אין קבר באַהאַלטען.

אַ רויטע געשטאַלט האָט געזעהן נאַפּאָליאָן
ווען גרויסעס פלעגט דאַרפען פּאַסירען;
סאָקראַטעס אויך האָט זיין ניט־גוטען געהאַט
וואָס פלעגט איהם ניט איינמאָל פאַרפיהרען.

יאַ, יאַ, איך אַליין האָב ביים שרייב־טיש, ביי־נאַכט,
ניט איינמאָל — מיט שרעק אין מיין האַרצען —
דערזעהן אַ פאַר׳סוד׳עטען גאַסט הינטער מיר
פאַרהילט און פאַרוויקעלט אין שוואַרצען.

פון אונטער זיין מאַנטעל אפיר האָט געגלאַנצט
אַ שאַרף פון אַן אייזען אַ קאַלטען;
מיר דוכט זיך: אַ האַק פון אַ תליון האָט ער
דאָרט אונטען פאַרבאָרגען געהאַלטען.

זיין וואוקס איז געוועזען אַ נידריג אַ בּרייט,
געהאַט האָט ער אויגען ווי שטערען;
און קיינמאָל האָט ער מיך ביים שרייבען געשטערט,
קיין שאַרף כּזז איהם פלעג איך ניט הערען.

זייט יאָהרען שוין האָב איך איהם מעהר ניט געזעהן,
געמיינט, אז ער איז שוין ענטרונען;
דאָ האָב איך איהם פּלוצלונג אין ק ע ל ל ע ן, ביי נאַכט,
ביים שיין פון לבנה געפונען.

געגאַנגען בין איך דורך די גאַסען פאַרטראַכט
און פּלוצלונג דערזעה איך איהם ווידער;
ער געהט ווי אַ שאָטען נאָך מיר. בלייב איך שטעהן —
איז — שטעלט ער זיך אויבעט אנידער.

ער שטעהט, ווי ער וואָלט דאָ אויף עפּעס געוואַרט
און דאָס האָט מיך שרעקען גענומען;
איך לויף, לויפט ער אויך, און אזוי זענען מיר
ארוים ביז צום דאָם־פּלאַץ געקומען.

דאָרט שטעל איך זיך אָפּ און איך ווענד זיך צו איהם:
„איך וויל דו זאָלסט ענדליך מיר זאָגען,
וואָס געהסטו מיר נאָך דורך דער דונקעלער נאַכט
וואָס הערסטו ניט אויף נאָך מיר יאָגען?

„פאַרוואָס קומסטו תמיד צו מיר אין אַ צייט
ווען וועלט־געפיהל שפּראָצט אין מיין האַרצען,
ווען ווילדע געדאַנקען צושפּאַלטען מיין קאָפּ
ווי בליצען, אַ נאַכט־תהום אַ שוואַרצען?

„דו שטעלסט אויף מיר אָן אַ פּאָר אויגען פון גלאָז,
וואָס קוקסטו? און זאָג, וואָס פאַרהילסטו
דאָרט אונטער דיין מאַנטעל? וואָס בלאַנקט עס אזוי?
וואָס שוויינסטו? ווער ביזטו? וואָס ווילסטו?“

און גלייכגילטיג רוהיג געענטפערט האט ער:
„וואס טויג דיר דאס ריידען, דאס פיעלע?
גיט ליארם. איך וויל דיר קיין בייזעס ניט טאן,
איך בין ניט קיין טייוועל חלילה.

„איך בין קיין געשפענסט ניט און קעהר זיך ניט אן
מיט יענע וואס וואוינען אין קברים:
און שען־רעדעריי האב איך קיינמאל ניט ליעב
אין פילאזאפיע בין איך ארים.

„איך בין ניט קיין פראקטישער פון דער נאטור,
אם ליעבסטען גאר שווייג איך און רוה איך:
דאך וויסען זיין זאלסטו, אז וואס דו פארקלעהרסט —
דאס פיהר איך באלד אויס, און דאס טו איך.

„און געהען אויך יאהרען אוועק איבער דעם
וואס דו ווערסט פארטראכטען, פארקלעהרען,
איך וועל אזוי לאנג מיר ניט נעהמען קיין רוה,
ביז אלעס וועט ווירקליכקייט ווערען.

„יא, דו ביזט דער ריכטער און איך בין די שטראף
און פריי מאכען וועט מען זיך שווערליך:
איך פיהר אויס דיין אורטייל אפילו אויך דאן
ווען דו האסט פאראורטיילט ניט עהרליך.

„אין רוים פלעגט מען טראגען פאר'ן קאנסול פאראויס
א האק וואס האט יעדען געווארענט:
אויך דו האסט דיין ליקטאר — דאך טראגט ער די האק
פון הינטער דיר, אנשטאט פון פארענט.

„יא, איך בין דיין ליקטאָר, און וויסען זאָלסטו,
אז שטענדיג וועט גלאַנצען און בלאַנקען
מיין האַק הינטער דיר — ווייל איך בין די ט ה אַ ט.
דער אויספיהר פון דיינע געדאַנקען!“

# קאפיטעל VII.

דאן בין איך אהיים, און אנשלאפען בין איך
גלייך ס'וואלטען מלאכים מיך וויעגען. —
דער שלאף אויף א היימישען בעטגעוואנד, איז
דאס טהייערסטע, העכסטע פארגניגען.

עס האט מיך געלערענט דאס זיין אין דער פרעמד,
א היימיש געלעגער צו שאצען: —
ווי טייער א היימישעס פעדער־בעט איז,
דאס פיהלט מען אויף פרעמדע מאטראצען.

דער שלאף אויף א היימיש געלעגער איז גוט,
דער חלום — א וואונדערליך שענער;
עס ווערט די נשמה באפרייט פון דער ערד
און לויטערער ווערט זי און ריינער.

מען פיהלט זיך באפרייט און מען הויבט זיך ארויף
צום הימעלס הויך־אויבערשטע רוימען:
א, דייטשע נשמה, דו פליהסט אזוי שטאלץ
אין דיינע ביינאכטיגע טרוימען.

עס שרעקען די געטער זיך, פליה'ן דיך צו זעהן —
דארט אויבען א היבש ביסעל שטערען,
די קלעפ פון די פליגעל צו הערען.
דו האסט מיט די פליגעל שוין אויסגעפוצט אויך

פֿראַנצױזען און רוסען באַהערשען די ערד
די ענגלענדער היטען די ים'ען.
מיר האָבען דעם טרױם. און צום לופֿט־שלאָס דעם װעג
קען קײנער פֿאַר אונז ניט פֿאַרצאַמען.

מיר שװעבען דאָרט אױבען מיט הערשענדער מאַכט
און מיט פֿאַראײניגטע קרעפֿטען;
און ניט, װי די אַנדערע פֿעלקער אױף דר'ערד
מיט זײערע פֿראָסטע געשעפֿטען.

אין שלאָף האָב איך װידער געטרױמט אַז איך גײ
אין קעללען אַרום, דורך די גאַסען;
עס האָט די לבנה אױף אַלעם אַרום,
געװאָרפֿען אַ נאַכט־שײן אַ בלאַסען.

און װידער האָב איך מײן באַגלײטער דערזעהן,
עס האָט מיך אַ מיעדקײט געפֿאַנגען,
געבראָכען זיך האָבען די פֿיס הינטער מיר
דאָך זענען מיר װײטער געגאַנגען.

מיר גײען און מיר גײען און איך פֿיהל װי עס װערט
דאָס האַרץ אין דער ברוסט מיר צוריסען;
דאָס בלוט פֿליסט אַרױס פֿון דער אָפֿענער װאונד
און טראָפֿענװײז פֿיהל איך עס פֿליסען.

און אײנגעטונקט האָב איך אַ פֿינגער אין בלוט
און געהענדיג פֿלעגט עס פּאַסירען,
אַז איך האָב דעם פֿינגער אַ פֿיהר געטאָן לײכט
אױף סלופֿעס פֿון טױ'רען און טירען.

און קױם האָב איך װאו אױף אַ טױער, אַ טיר,
געמאַכט אַזאַ סימן אַ רױטען,
האָט ערגעץ אַ קלױסטער־גלאָק אימה'דיג־שװער,
באַקלאַגט און באַיאַמערט אַ טױטען.

און אויבען איז אויך די לבנה פארבלאסט,
עס האבען זיך וואלקענס געטראגען
אריבער דעם הימעל ווי שווארץ־ווילדע פערד,
ווי שווארץ־ווילדע פערד, ווען זיי יאגען.

און רוה־לאז אהן אויפהער געגאנגען בין איך
געקוקט צו דעם הימעל דעם טריעבען;
די דונקלע געשטאלט מיט דער האק, הינטער מיר,
איז אויבעט ניט שטעהען געבליעבען.

מיר געהן און מיר געהן, ביז מיר קומען צום דאס,
דער טויער — אן אפענער שטעהט ער.
איך לאז מיך אריינגעהן און לאנגזאם איך געהט
פון הינטער מיר נאך מיין באגלייטער.

אין דאס הערשט די שטילקייט, די נאכט און דער טויט,
א תהו־ובהו א וואהרער;
עס ציטערט א שיין פון א ליכט ווארניט וואו,
צו ווייזען די דונקעלהייט קלאהרער.

און איך בין געגאנגען פיעל זיילען פארביי,
א שטילקייט — קיין שארך ניט צו הערען;
נאר הינטער מיר הער איך א לאנגזאמען גאנג,
א גאנג אזא איינטאניג־שווערען.

אזוי, ביז מיר האבען א ווינקעל דערגרייכט
מיט ליכטלעך צושטעלטע כסדר,
מיט בליטשענדיג גאלד און בריליאנטען גאר פיעל —
דאס איז „דאס דריי־קעניגען־חדר".

נאַר זעה, סאַראַ וואונדער! די הייליגע דריי
וואָס זענען באשטענדיג געלעגען,
זיי זיצען אצינד אין די טרונעס פון שטיין,
זיי זיצען געשטרעקט, מיר אנטקעגען.

דריי מתים־סקעלעטען אין טרונעס פון שטיין,
אין קליידער פאַנטאַסטיש געוועהלטע,
מיט סצעפּטערס אין זייערע קנאָכיגע הענד,
מיט קרוינען אויף שאַרבענס פארגעהלטע.

ווי הילצערנע מענשלאך באַוועגען זיי זיך,
אַ ריהר טוט זיך איינער און איינער;
עס הערט זיך אַ שימעל־און ווייהרויך־גערוך
פון זיי'רע געשטאָרבענע ביינער.

יאָ, איינער האט גאָר מיט די ליפּען באַוועגט,
און האָט מיר גענומען ערקלעהרען:
פאַרוואָס ער פארלאַנגט פון אזוינעם ווי איך,
אַז אכטען איהם זאָל איך און עהרען.

ערשטענס איז ער אַ געשטאָרבענער שוין,
און צווייטענס ווייל ער איז אַ קעניג,
און דריטענס, ווייל ער איז אַ הייליגער אויך —
געריהרט אבער האָט דאָס מיך וועניג.

איך האָב איהם געענטפערט מיט פרעהליכען מוט:
אומזיסט איז דיין טרחה, מיין ליעבער —
איך זעה, אַז דו ביזט אַ פאַרגאַנגענער שוין,
נישטאָ גאָר קיין צווייפעל דעריבער...

אוועק! טראָגט זיך אָפּ! און געפינט אייער אָרט,
מען האָט אייך אַ קבר געגעבען;
דעם רייכטהום פון דאָזיגען חדר פארנעהמט
אין גאנצען, אצינדערט דאָס לעבען.

עס זאָל אין דער צוקונפט אַ רייט־רעגימענט
באוואוינען דאָס דאָס־הויז אין גאנצען;
און געהט איהר מיט גוטען ניט, לאָז איך אייך באלד
צום טאקט פון כלי־זין־קלעפּ טאנצען!

געזאָגט האָב איך דאָס, און זיך אומגעדרעהט דאן,
דערזעהן האָב איך מורא'דיג בלאנקען
מיין שטומען באגלייטערס געשליפענע האַק,
צו אויספיהרען מיינע געדאנקען.

ער האָט זיך דערנעהנטערט — אַ הויב געטאָן דאַן
די האַק אזוי הויך, אזוי שרעקליך:
צושמעטערט האָט ער די סקעלעטען די דריי
אהן רחמים צושמעטערט אויף ברעקלעך.

אויף יעדוועדען קלאַפּ האָט געענטפערט דער דאָם
מיט עכאָס — אַן אימה צו הערען;
און בלוט האָט געשטראָמט פון מיין ברוסט, און ערוואכט
האָב איך פון מיין חלום דעם שווערען...

## קאפיטעל VIII.

פינף טאלער, זעקס גראשען באצאהלט מען דער פאסט
פון קעלן קיין האגען אריבער;
די שנעל־פאסט איז אבער געווען איבערפילט
מיט רייזענדע איבער און איבער.

און איך האב מיך ליידער באניגען געמוזט,
אין אפענעם וואגען צו זיצען;
א הערבסט־קאלטער מארגען, א בלאטיגער וועג —
די פערד געבאך סאפען און שוויצען.

נאר איך בין צופריעדען — א היימישער ווינד —
איך פיהל ווי ער שמייסט מיך אין פנים;
דער בלאטיגער וועג איז אן אייגענער אויך,
א דייטשער איז ער, איך דערקאן איהם.

עס האבען ווי אלטע באקאנטע, די פערד,
געווארפען די עקען אין לופטען;
די מיסט־קייקלעך זיי'רע וואס פאלען אראפ,
זיי גלאנצען ווי עפעל, און דופטען.

מיר פאהרען דורך מילהיים, און ריין איז די שטאדט
און רוהיג די מענשען און פלייסיג;
געווען בין איך דא אין דעם דאזיגען ארט
אין מאי, אין דעם יאהר איינאונדרייסיג.

געבליהט האָט דאָן אַלעס. די זון מיט איהר ליכט
פלעגט װאַרימען אַלעס און בענשען;
די פױגעלאַך האָבען געזונגען פאַרבענקט,
געהאָפט האָבען אױכעט די מענשען;

געהאָפט אַז די ריצערשע קליקע װעט באַלד
אין גאַנצען פון דאַנען פאַרײזען;
צום אַבשיעד נאָך, װעלען זײ כאַפּען אַ טרונק
פון פלאַשען, געשמיעדטע פון אײזען.

און פרײהײט װעט קומען מיט טאַנץ און מיט שפּיעל
און אױך מיט פראַנצױזישע פאָהנען;
און אױפשטעהן פון קבר װעט אױך נאַפּאָלעאָן
און נאָכאַמאָל אָנהױבען טראָהנען!

נאָר לײדער — די ריצער, זײ זענען נאָך דאָ,
געקומען אהער װי סקעלעטען,
און איצט האָט ניט אײנער פון זײ, דאָ אין לאַנד
באַקומען אַ בײכעל אַ פעטען.

יאָ בלאָס געװען זײנען די לומפּען אַמאָל,
װי ליעבע און גלױבען און האָפען;
איצט האָבען זײ נעזעלאַך רױטע פון װײן,
און אױגלעך פון שכרות פאַרשלאָפען.

די פרײהײט, זי האָט זיך אַ פוס אױסגעלענקט,
זי שפּרינגט שױן ניט מעהר אַזױ מונטער,
און אױך די דרײ־פאַרביגע פאָהן אין פּאַריז
קוקט מיעד פון די טורעמס אַרונטער.

זינט דאן האט דער קייזער שוין איינמאל ערוואכט,
די ענגלישע ווערים דאך, האבען
געמאכט פון דעם קייזער א לייט, און ער האט
געלאזען זיך ווידער באגראבען.

איך האב דאך אליין זיין לויה געזעהן,
געזעהן אויף דעם גאלדענעם וואגען,
די גאלדענע געטין פון זיעג, וועלכע האט
די גאלדענע טרונע געטראגען,

אריבער די פעלדער פון אייביגער רוה
און דורך דעם טריאומף־טויער־בויגען —
דורך נעבעל און שנעע האט זיך לאנגזאם און שווער
די גרויסע לויה געצויגען.

א טויטען־מארש האט דער ארקעסטער געשפיעלט
א שוידערליך אימה׳דיג קלאנגען;
פארוועהטאגט אויך האבען די פאהנען געגריסט
וואס רייט־זעלנער האבען געטראגען.

עס זענען די מענשען געווען ווי פארקלעהרט,
אין אלטע זכרונות פארלארען;
א וועהטאג וואס איז שוין געשטארבען פון לאנג,
איז לעבעדיג ווידער געווארען.

און איך האב גאר ביטער געוויינט יענעם טאג,
אי טרער נאך א טרער איז געקומען,
ווען איך האב דעם ליעבען פערגעסענעם רוף,
„דער קייזער זאל לעבען!“ פארנומען.

## קאפיטעל IX.

מיר זענען פון קעללען ארויס, אין דער פריה,
דריי פערטעל אויף אכט, ווי דער שטייגער,
און זענען צו מיטאג אין האגען געווען —
דאס הייסט, ארום דריי אויפ'ן זייגער.

דער טיש איז געוועזען אין גאנצען געדעקט
מיט אמת'ע דייטשע מאכלים;
„א, זויער־קרויט טייערס, ווי הארציג דו שמעקסט —
קום, לאמיך דיר אפגעבען „שלום" !

„קאשטאנעס געבראטען אין גרינעם געמיז,
געקאכט האט דאס תמיד מיין מוטער;
א גרוס אייך, איהר היימישע שטאק־פיש, ווי קלוג
איהר שווימט דאס ארום אין דער פוטער!

„א טייערע היימאט, ווי ליעב ביזטו מיר! —
איך בלייב דיר אן אייביג־געטרייער:
די הערינג געפרעגעלט אויף אייער און שמאלץ
ווי ליעב זענען זיי מיר, און טייער".

עס קוויטשען פון שמחה די וואורשטלעך אין פאן!
און אויך די געבראטענע פייגעל:
די פרומע מלאכים'לעך — ווארפען מיר צו
א גרוס, מיט א לאך פון אן אייגעל.

מען האָט דיך — צווינגען זיי זיך — ניט געזעהן —
א היבש ביסעל יאָהרען, נישט־קשה;
געלאָזען זיך וואויל געהן האָסטו אין דער פרעמד
מיט פויגעלעך פרעמדע — דו רשע...

געשטאַנען איז אויבעט א גאַנז אויפ'ן טיש —
א ריח געהאַט אזא זיסען —
פיליפבט האָט זי מיך אין מיין יוגענד געליעבט
יא, גאָט מיינער, ווער קען דאָס וויסען?

עס האָט מיך די גאַנז אזוי ערנסט און שטיל
באטראַכט מיט א בליק א געטרייען:
א שענע נשמה האָט זיכער די גאַנז,
איהר פלייש דאָך — איז נישט צום צוקייען!

מיט לאָרבער באַציערט האָט מען נאָכדעם געבראַכט
א שווײַנס־קאָפּ א גרויסען, א גאַנצען;
נאָך אימער באַציערט מען ביי אונז אין דער היים
די קעפּ פון חזרים מיט קראַנצען.

## קאפיטעל X.

מיר זענען פון האגען אין אבענד ארוים,
עס האט מיך גאר ביטער געפראַרען
אין מיינע גערערים. אין אונגא, אין שענק,
איז ווארעם מיר ווידער געווארען.

דעם פונש מיר דערלאנגט האט א מיידעל א יונגס,
מיט העלע לבנה־שיין אויגען;
און גאלד־בלאנדע האר — ווי א פויגעלע איז
דאס מיידעל, דאס שענע, געפלויגען.

זי רעדט מיט וועסטפאלישען זיסען אקצענט,
עס געהט מיר ווי ווייַן דורך די גליעדער!
געשמעקט האט מיט זיסע זכרונות דער פונש
און איך האב געטראכט פון די ברידער —

די ליעבע וועסטפאלען, מיט וועלכע איך האב
אין געטינגען אפטמאל געטרונקען,
ביז וואנען ס׳איז איינער דעם צווייטען צום ברוסט —
ארונטער די טישען געזונקען.

די גוטע וועסטפאלען, איך האב זיי געליעבט —
איך בין דא קיין חניפות ניט אויסען —
א פאלק, וואס האט פיינט צו באריהמען זיך שטארק,
אויף פלעגט עס זיך קיינמאל ניט גרויסען.

זיי זענען ביים פעכטען געווען אזוי שטאלץ,
זיי זענען ווי ליבען געשטאנען;
יא, ווירקליך, איך מיין דאס; געווען איז ביי זיי
די אמת'ע פעכט־קונסט פארהאנען.

זיי האבען געפאכטען, געטרונקען אויך פיין,
און פלעגען זיי חבר'שאפט שליסען;
דאן פלעגען זיי הארציג זיך דריקען די הענד,
דאביי זיך אין טרערען צוגיסען.

זאל גאט דיך באשיצען, דו מוטהיגעם פאלק,
און זאל ער אויך בענשען דיין זאמען —
און זאל דיך באהיטען פון קריעג און פון זיעג
און אויך פון א העלדישען נאמען!

און העלפען זאל ער דיינע זיהן, די עקזאמענס,
מיט לייכטקייט אריבער צו קומען!
די טעכטער אויך זאל ער דיר ברענגען מיט גליק
ארונטער דעם חופה־דעק — אמן!

## קאפיטעל XI.

באשריבען האט טאציטוס אטרא־דעם וואלד,
דער זומפ דא אין קלאסיש געווארען.
יא, יא, דא אין טעוטאבורגס זומפיגען וואלד,
האט ווארוס זיין קריעגס־גליק פארלארען.

מיר האבען ערשט דא אין דער בלאטע, דאס רעכט
— א פאלק זיך צו רופען — געקראגען;
ווייל דא האט כערוסקענפירשט הערמאן דער ריעז
דעם רוימישען ווארוס געשלאגען.

ווען ער מיט זיין פלאקס־בלאנדען חיל וואלט ניט
די רוימער פון דאנען פארטריעבען,
וואו וואלט היינט די פרייהייט די דייטשע געוועז?
וואס וואלט פון אונז איבערגעבליבען?

געווארען פון אונז וואלטען רוימישע קנעכט
פון אונזערע שוואבען — קווירטען;
מען וואלט פון דער וועסטא אויך זיכער א...
אפילו אין מינכען געליטען.

דער הענגסטענבערג וואלט ווי א הארוספעקס זיך
מיט אקסען־געדערים פארנומען;
געקוקט וואלט נעאנדער אויך ווי אנ׳ אוגור,
אויף פויגעלשע מחנות וואס קומען.

געטרונקען וואָלט בירכפייפער אויף טערפענטין
צו זיין צו די רוימערינס עהנליך;
(זיי פלעגען דאָס טאָן ווייל דאָס גיט דעם אורין
א דופט וואָס איז אויסערגעוועהנליך.)

דער ראומער אויף — יאָ. — אָט דער דייטשישער לומפּ,
געוועז וואָלט ער איצט א לומפּאציוס;
געזונגען וואָלט זיכער אויף פרייליגראטה היינט,
אָהן גראמען ווי פלאקוס האָראציוס.

דער בעלטער דער גראבער — דאָס טאָטעלע יאהן —
ער וואָלט איצט געהייסען גראָביאנוס;
און מאסמאן וואָלט אָנשטאָט א מאסמאן געווען,
א מארקוס טוליוס מאסמאנוס.

געראנגעלט אויף וואָלט אין ארענא זיך איצט
דער אמת'ער העלד מיט שאקאלען;
געקעמפּט אין ארענא מיט לייבען וואָלט ער,
און ניט מיט קיין הינד אין זשורנאלען.

מיר וואָלטען א נעראָ געהאט — און פארשפּארט
פון דריי דוצענט פירשטען צו ליידען.
כאָטש דאָס וואָלט געבראכט אונז דערצו — זיך אליין
די אדערען איבערצושניידען.

געוועז וואָלט אויף שעללינג א סענעקא איצט
און וואָלט אין קאָנפליקט אומגעקומען;
און **Cacatum non est** pictum — דאָס וואָלט
קאָרנעליוס איצטער פארנומען.

גאָט־דאַנקען ! — ס'האָט הערמאַן געוואונען די שלאַכט,
און אַלע די רוימער פאַרטריעבען;
און וואַרוס מיט זיינע חיילות איז טויט
און מיר זענען דייטשען געבליבען.

מיר זענען געבליבען אַזוי ווי געוועזן
די אייגענע דייטשען במחילה.
דער שוואָב איז אַ שוואָב און דער אייזעל ביי אונז,
הייסט אויך ניט אַסינוס חלילה.

געבליבען איז ראַומער אַ דייטשישער לומפּ,
די ברוסט מיט אָנ'אָרדען באַהאַנגען;
דער פרייליגראַטה איז אויך קיין האָראַץ נאָך ניט
ער גראַמט נאָך אין זיינע געזאַנגען.

גאָט־דאַנקען ! דער מאַסמאַן רעדט ניט קיין לאַטיין,
די בירכפייפער אויך שרייבט נאָר דראַמען ;
און טרינקט נאָך דערוויילע ניט קיין טערפּענטין
אַזוי ווי די רוימישע דאַמען.

אַ הערמאַן, דיר איינעם פאַרדאַנקען מיר דאָס
דו העלדישער רוימער־פאַרטרייבער:
אַ מאָנומענט שטעלט מען אין דעטמאָלד דיר אויף
אויך איך בין דאָביי אַ סובסקרייבער.

## קאפיטעל XII.

עס וואקעלט דער וואגען דורך נאכט און דורך וואלד,
און פלוצלונג — אט ווי איך דערציילן אייך —
דערהערט זיך א קראך, עס צוברעכט זיך א ראד
און דאס איז, פארשטעהט זיך, ניט פרעהליך.

עס שפרינגט פונ׳ם וואגען דער קוטשער אראפ
און לאזט זיך אין דארף אריין יאגען;
און איך בלייב אליין, און דורך נאכט און דורך וואלד,
נעמט שרעקליך א וואיען זיך טראגען.

דאס זענען די וועלף און זיי וואיען אזוי
פון הונגער געפלאגט און געטריבען;
ווי פייערליך בלישטשען די אויגען ביי זיי
און איך בין אליין דא געבליבען.

זיי האבען אודאי געהערט אז איך קום,
נו האט מען אזוי ווי מיט שטערען
באלויכטען דעם וואלד, און דאס קומט מען אצינד
מיט כאר־געזאנג מיך צו באעהרען.

דאס איז א באגריסונג — איך פיהל דאס אצינד —
א יום־טוב לכבוד מיין קומען;
איך האב זיך צורעכט געמאכט גלייך, און גערירהט
האב איך צו זיי רעדען גענומען:

„א, וועלט, מיינע ברידער! ווי גליקליך בין איך
זיך היינט צווישען אייך צו באוועגען!
א דאנק אייך דערפאר וואס איהר קומט מיר אציגד
מיט וואיענדער ליעבע אנטקעגען!

„איהר איידעלע נשמות — מיין איצטיג געפיהל
איז שטארק — יא דאס קען איך אייך שווערען! —
די איצטיגע שעה צווישען אייך וועט ביי מיר
גאר קיינמאל פארגעסען ניט ווערען.

„איך דאנק אייך דערפאר וואס איהר האט מיך בין איצט
ניט אויפגעהערט עהרען און ליעבען;
מען האט אייך ניט איינמאל אויף פראבע געשטעלט,
דאך זענט איהר געטריי מיר געבליבען.

„א דאנק אייך, וואס איהר האט די לומפען פאריאגט,
וואס האבען געזוכט אייך צו פאנגען,
דערצעהלענדיג אייך, אז איך בין צו די הינד
אין גאנצען אריבערגעגאנגען.

„אויך זאגט מען, אז איך בין אוועק צו די שאף,
א שטעלע אלס הויף־ראטה צו קריגען;
א ברידער! עס שטעהט מיר אפילו ניט אן
צו זאגען, אז דאס איז א ליגען!

„דעם שאפען־פעלץ, איהם טו איך נאר אן ווען איך וויל
אביסעל דערווארמען די ביינער;
אז איך בין פאר שאף־גליק באגייסטערט געווען,
דאס זאגען אויף מיר קען ניט קיינער.

„איך בין ניט קיין שאף און איך בין ניט קיין הונד
קיין הויף־ראט און אויך ניט קיין שעלל־פיש —
איך בין מיר געווען און געבליעבען א וואלף
מיין הארץ, מיינע צייהן זיינען וועלפיש.

„יא, איך בין א וואלף און איך וואיע ווי איהר
און בלייב צווישען אייך אין דער מיטען:
פארלאזט אייך אויף מיר און באהיט אייך אליין,
וועט גאט אייך אין הימעל באהיטען!“

און דאס איז די דרשה וואס איך האב אין וואלד
— נישט־דורכגעטראכט פריהער — געהאלטען,
צו'הרג'עט א שרעק, האט הערר קאלב זי צושפרייט,
אין צייטונג אויף עטליכע שפאלטען.

## קאפיטעל XIII.

אין פאדערבארן איז אויפ'ן הימעל ארויס
די זון, מיט א זויערליך פנים;
א נודנע געשעפט צו באלויכטען די ערד —
די ערד מיט אזויפיעל נאראנים.

און דאן — אט באלויכט מען א העלפט, און מען לויפט
א שטראהל אויף דער צווייטער צו געבען;
ווערט ווידער פארדונקעלט די ערשטע דערווייל —
א טייער געשעפט'ל, כ'לעבען.

גיס וואסער אין ריעזיגע פעסער אריין,
וואס האבען קיין דעק ניט — וואס טויג עס?
אזוי איז אויך נוצלאז דאס ליכט פאר דער ערד —
די זון איז גערעכט, וואס ז'איז ברוגז. —

ביים וועג איז געשטאנען א צלם אליין,
דער נעבעל איז לאנגזאם צוגאנגען;
אין מארגען־שיין האב איך געזעהן י ע נ ע ם מאן,
וואס איז אויפ'ן צלם געהאנגען.

מיין ארעמער ברודער! נו, זאג שוין אליין,
וואס האסטו באדארפט אזא צרה?
צו ראטעווען ביזטו געקומען די וועלט
איצט ביזטו דער וועלט'ס א כפרה...

עס האָבען דיר אױפגעשפּיעלט לײטיש, די לײט,
װאָס האָבען פאַרנומען דעם „אױבען“:
נו, טאַקע, װאָס האָסטו פאַרדאַמט אַזױ פרײ
די אײדעלע היטער פון גלױבען ?...

צום אונגליק איז דאַמאָלס די בוכדרוקערײ
נאָך גאָר אױף דער װעלט ניט געװעזען;
דו װאָלסט װעגען הימעל געשריבען אַ בוך,
דאַן װאָלט די צענזור עס געלעזען,

און אױסגעמעקט װאָלט זי די שטעלען אין איהם,
װאָס קענען צום נאַכדענקען ברענגען;
און דו װאָלסט אַצינדערט ניט נױטיג געהאַט
אַ־דאַ אױפ׳ן צלם צו הענגען...

האָסט דרשות געהאַלטען — פאַרװאָס האָסטו ניט
געפרעגט זיך: צי װעט עס זיך לױנען ?
יאַ, דו דער בעל־שכל, דו האָסט דאָך געקענט
די פרומע אַביסעלע שױנען.

פאַריאָגט מיט דער בײטש פון בית־מקדש האָסטו
די רײכסטע מאַגנאַטען אַפילו.
איצט הענגסטו מײן ברודער — אַלס װאַרנונג פאַר אונז —
אָט־דאָ אױפ׳ן צלם, במחילה.

## קאפיטעל XIV.

עס שלעפט זיך דער וואגען אין זומפּ, און דער ווינד
פליהט איבער דער געגענד דער פרייער.
אין הארצען ביי מיר אבער זינגט עס און קלינגט:
„אַ זון, דו פארקלאָגעריש פייער.“

אַ שורה איז דאָס וואָס פארענדיגט אַ ליעד
דאָס ליעד האָט מיין אָם מיר געזונגען.
„אַ זון, דו פארקלאָגעריש פייער“ — דאָס האָט
ווי יאגד־סיגנאל־עכאָ געקלונגען.

עס רעדט זיך אין ליעד פון אַ מערדער, וואָס האָט
געשפּיעלט זיך מיט לוסט און מיט לעבען,
ביז וואנען מען האָט איהם געפונען אין וואלד
אַ טויטען, זיך הוידען און שוועבען.

דאָס האבען נקמה־פארשווערער געטאָן,
געקאָסט האָט זיין תאוה איהם טייער;
זיין טויט־אורטייל צוגעקלאפּט האָט מען צום בוים —
„אַ זון, דו פארקלאָגעריש פייער.“

די זון האָט פארקלאָגט איהם — דאָס האָב איך געהערט
אין ליעד פון מיין אָם דער געטרייער.
זי האָט אַ מינוט פאר'ן טויט נאָך געקרעכצט:
„אַ זון, דו פארקלאָגעריש פייער.“

און טראכט איך פון ליעד זעה אלעמאל אויך
מיין אם די געטרייע די אלטע,
איהר פנים דאס ברוינע צוקארטשעט, צוקנייטשט
די אויגען פארלאשענע, קאלטע.

אין מינסטערלאנד איז זי געבוירען געווען,
און פאלקס־ליעדער פלעגט זי מיר זינגען;
זי האט פון ניט־גוטע אויך מעשות דערצעהלט
וואס פלעגען גאר מורא׳דיג קלינגען.

דאס הארץ פלעגט מיר אויסגעהן — ווען זי האט דערצעהלט—
דערצעהלט פון דער יונגער פרינצעסין,
וואס איז מיט צעווארפענע גאלדענע האהר
אליין אויף דער לאנקע געזעסען.

עס האט די פרינצעסין דארט גענזלאך געהיט, —
און מיעך איז געווארען איהר טרויער,
ווען זי האט געטריבען די גענזלעך אהיים,
ווען זי איז געקומען צום טויער.

געווען איז אין מיטען פון טויער צום סלופ
א קאפ פון א פערד צוגעשלאגען;
געווען איז דאס נעבאך דער קאפ פון דעם פערד,
וואס האט זי אהער־צו פארטראגען.

עס זיפצט די פרינצעסין מיט אויגען פארטרערט:
„פאלאדא, ווער האט דיך געהאנגען?"
איהר ענטפערט פון אויבען דער קאפ פון׳ם פערד:
„מען האט מיין פרינצעסין געפאנגען!"

עס זיפצט די פּרינצעסין מיט אויגען פאַרטרערט:
„מײן מוטער — װען זי זאָל דאָס װיסען!“
איהר ענטפערט פון אויבען דער קאָפּ פון׳ם פערד:
„אַ האַרץ װאָלט געװאָרען צוריסען!“ — — —

פון ראַטבאַרד דעם קײזער אויך האָט זי דערצעהלט,
און ערענסט דערבײ פּלעגט זי װערען;
און שטיל װי זי װאָלט זיך געשראָקען אלײן
דאָס אײגענע קול צו דערהערען.

ס׳איז ראַטבארד דער קײזער ניט טויט—װי מען זאָגט,
מען דאַרף די געלעהרטע נישט גלויבען.
ער ליגט מיט זײן חיל ערגיץ אויף אַ באַרג,
באַהאַלטען זיך האָט ער דאָרט אויבען.

דער באַרג הײסט קיפהײזער. אין באַרג איז אַ הײל
מיט זאַלען אין בויגענס געמויערט,
עס שײנען די לעמפּלעך און שימערען דאָרט
װי יאָהר־צײט ליכט קאַלט און פאַרטרויערט.

אין ערשטען זאַל זעהט מען פיעל־טויזענדער פערד:
אַ שטאַהל איז דער זאַל — און גרױסאַרטיג
בלאַנקט דאָס געציער אויף די פערד, און זײ שטעה׳ן
אַזױ װי צום אויסרײטען פאַרטיג.

דאָך שטיל איז — אַזױ װי עס װאָלטען די פערד
געהיט זיך קײן אונרוה צו װײזען;
זײ שטעהען געזאַטעלט די צוימלעך אין מויל
און שטום װי געגאָסען פון אײזען.

אין צװײטען זאַל ליגען פּיעל־טװיזענד אין צאָהל
די זעלנער — געזונטע אַזױנע.
צושטרעקט אױפ׳ן שטרױ און באַװאַקסען מיט בערד,
אױף פּנים׳ער קריגעריש־ברױנע.

זײ זענען באַפּאַנצערט פון קאָפּ ביז די פיס,
דאָך הערט מען קײן שאָרך ניט פון קײנעם;
זײ ליגען צושטרעקטע אין זאַל אױפ׳ן שטרױ,
און שלאָפען װי טױטע אינאײנעם.

אין דריטען זאַל ליגט ביז צום באַלקען אַרױף
א הױפען מיט שאַרפע כלי־זין;
און שילדען און קיװערס פון זילבער און שטאָהל
און ביקסען — מיט פײער צו שפּײען.

קאַנאָנען ניט פיעל — דאָך גענוג זענען זײ
דאָס צײכען פון זיעגער צו געבען.
צו װײזען די שװאַרץ־רױטע־גאָלדענע פאָהן,
װאָס װעט איבער אַלעמען שװעבען.

אין פיערטען זאַל דאָרט זיצט דער קײזער אַלײן,
שױן הונדערטער יאָהרען דאָרט זיצט ער,
אױף שטײנערנער באַנק בײ א שטײנערנעם טיש
דעם קאָפּ אױף די הענד זײנע שטיצט ער.

זײן באָרד װאָס זי הענגט ביז אַראָפּ צו דער ערד
איז רױט װי פון פײער און פלאַמען;
א פינטעל אױף טוט ער אַמאָל מיט אנ׳ אױג,
אָפּט ציהט ער די ברעמען צוזאַמען.

צי שלאפט ער? צי טראכט ער? איז שווער צו דערגעהן,
מען ווייסט נאר — אז ווען עס וועט קומען
די ריכטיגע שעה וועט דער קייזער אליין
נים קענען מעהר זיצען און שטומען.

ערוואכען וועט ער און א נעם טאן די פאהן
און הויך „צו די פערד" א באפעהל טאן;
און אויפשפרינגען וועלען די זעלנער פון ד'ערד
און וועלען זיך אלע א שטעל טאן.

די פערד וועלען הירזשען און שארען די ערד
און וועלען זיך פרעה'ן מיט די רייטער,
וואס וועלען אויף זיי מיט טראמפייטען געבלאז,
ארויס אין דער וועלט אין הער וייטער.

עס פליהען די רייטער און שלאגען זיך גוט,
זיי האבען זיך גוט אויסגעשלאפען. —
דער קייזער הייסט מאכען א שטרענגען געריכט
וואס זאל אלע מערדער באשטראפען.

די מערדער וואס האבען פארגוואלדיגט, געטויט
די יונג־פרוי וואס איז אונז גאר טייער,
די גאלד־בלאנדע יונג־פרוי גערמאניא —
„א זון דו פארקלאגעריש פייער".

נים איינעם — וואס האט זיך נאר זיכער געפיהלט
וועט אויסקומען נאכדעם צו הענגען; —
אנשטאט אין א שלאס ביי געלעכטער און טאנץ
וועט ער אויף דער תליה פארברענגען.

ווי הארציג עס קלינגען די מעשה'לעך מיר,
דערצעהלט פון מיין אם דער געטרייער.
מיין הארץ וואס סע גלויבט נאך אין וואונדער, זינגט הויך:
„א זון, דו פארקלאגעריש פייער."

## קאפיטעל XV.

עס קראַפּעט א רעגען, א דינער אזא,
וואס שטעכט ווי מיט נאָדלישע שפּיצען;
און אומעדיג שאָקלען די פערד מיט'ן עק,
און שליאַפּען אין בלאָטע און שוויצען.

און ווידער אמאָל לאָזט דער פּאָטשטיליאָן מיך,
דאס אלטע טראַמייטערן הערען —
„עס רייטען דריי רייטער פון טויער ארויס!"
און מיר אויך נעמט אומעטיג ווערען.

און שלעפערדיג, דרימעל איך איין און איך טרוים
— אין טרוים איז דאָך אלצדינג צו גלויבען —
אז איך בין ביי ראָטבארד דעם קייזער אין הייל,
אז איך בין אין וואונדער-בארג אויבען.

דער קייזער דאָך זיצט שוין פארשטיינערט ניט מעהר
ביים שטיינערנעם טיש דאָרט געבויגען.
אויך זעה איך איהם מעהר ניט ווי פריהער אזוי —
א שטאָלצען אזא, פאַר די אויגען.

ער געהט נעבען מיר ווי א חבר ביים זייט,
מירריידען און פּלאַפּלען און לאַכען;
און ווי אנ'אנטיק-הענדלער ווייזט ער מיך אויך,
פארשידענע טייערע זאַכען.

ער ווייזט מיר א ביקס און ערקלערט — ווי געזאגט —
מיר אלצדינג אזוי ווי א חבר;
דערווייל מיט זיין טראַהן־מאַנטעל רייבט ער אראָפּ,
פון עטליכע שווערדען דעם זשאַווער.

א פּאַווע־עק נעמט ער און הויבט אָן דעם שטויב
פאַמעלעך ארונטערצוקעהרען;
אָט־דאָ פון א קיווער און דאָרט פון א שילד,
און דאָרט פון א פּאַנצער א שווערען.

ער פּאַכט אויך ארונטער דעם שטויב פון דער פאָהן,
און זאָגט אז ר'איז שטאָלץ, וואָס סע האָבען
די ווערים דאָס האָלץ ניט געריהרט — און דער מאָל
האָט אויך נאָך די זייד נישט באַגראָבען.

ער נעמט מיך אריין אויך מיט זיך אין דעם זאָל,
אריין אין דעם זאָל וואו עס ליגען
פּיעל־טויזענדער זעלנער צום קעמפּפען געגרייט,
און ווייזט אויף זיי אָן מיט פאַרגניגען. —

און בעט מיך וואָס שטילער צו ריידען און געהן;
ווייל שוין האָט זיך ווידער פאַרלאָפען
א גאַנצער יאהרהונדערט — און צאָהל־טאָג איז היינט. —
איז גלייכער צו לאָזען זיי שלאָפען.

און זאָגענדיג דאָס, האָט דער קייזער געלאַכט,
און האָט ווי א קינד אזוי פרעהליך,
אראָפּגענויגט זיך, און א רענדעל אין טאַש
אריינגערוקט יעדען, פּאַמעלאָך.

און אז ס'האָט דער קייזער געזעהן, אז איך קוק
אויף איהם אזוי מאָדנע פארוואונדערט,
האָט ער מיר ערקלעהרט, אז ער צאָלט יעדען מאן
א רענדעל אין יעדען יאהרהונדערט.

געפרעהט זיך נאָך מעהר האָט דער קייזער אין זאל,
וואו ס'זענען די פערד, ווי געקליבען,
געשטאַנען אין רייהען — אזוי אז ער האָט
פאר פרייד זיך די הענד אויך געריבען.

און פרעהליך אזוי — האָט ער אלע געצעהלט,
און האָט זיי געגלעט אויף די ריפען;
געגלעט און געצעהלט זיי — און ציטערדיג־גיך
באוואויגען זיך האָבען די ליפען.

„כלי־זין און זעלנער, זיי האָב איך גענוג,
דאָס וויים איך — און דארף זיי ניט דערצעהלען.
די פערד אבער, ווען איך באטראכט זיי און צעהל,
דערזעה איך ערשט וויפיעל עס פעהלען.

כאָטש וואהר איז — אז דאָס ביסעל פערד וואָס דו זעהסט,
איז אויך שוין א לייטישער הויפען,
איך דארף אבער מעהר, און צושיקט האָב איך לייט,
זיי זאָלען די בעסטע מיר קויפען.

און אז כ'על שוין האָבען די ריכטיגע צאָהל,
דאן קום איך — און וועה די בעהדיקער,
וואָס האָבען מיין פאָלק דאָס געטרייע פארשקלאפט,
איך וועל זיי צוהאקען אויף שטיקער!"

דאָס הערענדיג, האָב איך פון קייזער פארלאַנגט,
אַז שוין זאָל ער קומען און שטרייטען.
און האָט ער דערווייל נאָך קיין פערד ניט געננוג
זאָל ער זיי אויף אייזלען פארבייטען.

לאַז אָפּ — האָט דער קייזער געשמייכעלט — האָב צייט,
ווער לאַנגזאַם פאָהרט, דער וועט דערפאָהרען.
אַ גוטע זאַך טוט זיך פּאַמעלעך. ס'איז רוים,
אין אַ טאָג ניט געבוירען געוואָרען.

און "chi va piano, va sano" — אַ יאָ?
אַ גלייך־וואָרט איז דאָס ביי די רוימער.
געשווינד וואַקסט דאָס גראָז און די קראָפּעווע נאָר —
און לאַנגזאַם די דעמבענע בוימער.

## קאפיטעל XVI.

עס האָט מיך דעם וואָגענס געוואַקעל געוועקט,
נאָר באַלד בין איך ווידער אַנטשלאָפֿן.
און חלום'דיג, האָב איך זיך ווידער ווי פֿריהער,
מיט ראָטבאַרד דעם קייזער געטראָפֿן.

מיר האָבען שפּאַציערט פֿון אַ זאַל צו אַ זאַל —
ווייזט אוים אַז איך בין איהם געפֿעלען —
ער האָט מיך געפֿרעגט וועגען יענעם און דעם,
פֿאַרלאַנגט — איך זאָל עפּים דערצעהלען.

ער האָט פֿון דער וועלט שוין אַ היבש ביסעל יאָהר,
קיין זאַך ניט צו הערען באַקומען.
פֿון זינט זיבען־יעהריגען־קריעג שוין כמעט,
קיין לעבעדיג וואָרט ניט פֿאַרנומען.

דובאַרי, דעם פּופּעצהנטען לודוויגס מעיטרעס —
ווי געהט עס איהר דאָרט, דער פֿאַרשייטער?
אויך איז ער טשיקאַווע וואָס מענדעלזאָהן טוט,
און וואָס די קאַרשין — און זאָ ווייטער.

אַ קייזער, ווי ווייט הינטערשטעליגג ביזטו!
דער מענדעלזאָהן איז שוין געשטאָרבען!
רעבעקאַ זיין ווייב און אַבראַהאַם זיין זוהן,
איז אויך שוין געשטאָרבען, פֿאַרדאָרבען.

נעבליבען איז פעליקס, אבראהאמס א קינד,
וואס לעא זיין ווייב האט געבארען.
דאס קריסטענטום האט איהם א שטופ געטאן ווייט —
קאפעלמייסטער איז ער געווארען.

אין דר'ערד ליגט אויך לאנג שוין די אלטע קארשין,
און קלענקע איהר טאכטער דאנעבען;
נאר העלמינע בעצי, איהר אייניקעל איז
דערווייל נאך, מיר דאכט זיך, ביים לעבען.

דובארי, דיים פופצעהנטען לודוויגס מעיטרעס,
האט אויפגעהערט זיך אמוזירען,
ערשט דעמאלט ווען מ'האט (ז'איז שוין אלט געווען דאן)
געפיהרט זי צו גילאטינירען.

געשטארבען איז לודוויג דער פופצעהנטער שטיל,
אויף קישענס, איהם אונטערגעבעטע;
דעם זעכצעהנטען דאך האט מען גילאטינירט,
די קעניגין אויך אנטאאנעטע.

די קעניגין האט ניט געוויזען קיין שרעק:
דובארי דאך האט זיך געהאלטען
ביים גילאטינירען ניט גאנץ ווי מען דארף —
ז'האט אנגעמאכט שרעקליכע גוואלטען. — — — —

דא האט זיך דער קייזער אוועקגעשטעלט שטום,
אזוי ווי פון ארט ניט צו ריהרען;
דערנאך האט ער ציטריג געשעפטשעט: א גאט
וואס מיינט מען דאס גילאטינירען?

— דאס גילאטינירען — האב איך איהם ערקלעהרט —
אג׳ איינפיהרונג איז דאס, א נייע,
וואס מאכט דיך פון לעבעדיג טויט אזוי גיך,
און גלאטיג — אז ס׳איז א מחיה.

דאס איז א מאשין, וואו מען שטופט דעם וואס לעבט
ארונטער איהר שטיל און געבונדען. —
זי הייסט גילאטין, ווייל אזוי רופט זיך אויך
דער מאכער וואס האט זי ערפונדען.

מען בינדט דיך — אזוי ווי געזאגט — צו א ברעט,
דו זאלסט זיך ניט ווארפען, ניט הויבען;
דאן רוקט מען דיך צווישען צווי סלופעס אריין,
א דרייעקיג מעסער הענגט אויבען —

א ציה פאר א שטריק, פליהט דאס מעסער אראפ
פון אויבען גאר לוסטיג און מונטער;
דאביי גוצט דיין קאפ די געלעגענהייט אוים,
און פאלט אין א זאק אויך ארונטער.

„שווייג שטיל! — האט דער קייזער געטאן א געשריי
און איבערגעהאקט מיר אין מיטען. —
„באנוצען זיך מיט א מאשין אט־אזא?
חלילה. זאל גאט מיך באהיטען!

דעם קעניג, די קעניגין שענדען אזוי —
מיט שטריק זיי צוזאמענצושנירען?
דאס הייסט דאך גאר פשוט מען זאל מיט אמאל
דעם גאנצען דרך ארץ פארליערען.

און דו, װאָס דו דו׳צט מיך — זינט װען בין איך דאָס
אַזאַ פּאַניע־בראַט דיר געװאָרען?
װײַזט אויס אַז עס האָט דיר נאָך קײנער ביז איצט
די פֿליגעל ניט אונטערגעשאָרען!

א נס — װאָס איך שפּײַ ניט מיט גאַל. ס׳איז אַ שרעק! —
צו זײַן אַט־אַזױ װידערשפּעניג?
דײַן אָטעם אַלײן איז פֿאַרעטעריש שװין,
און גאָט! — װי דאָס רעדט פֿון אַ קעניג!" — — — —

אַז איך האָב דעם אַלטען דערזעהן אַזױ װילד,
און צאָרניג און ניט אויף קאַטאָװעס,
האָב איך פֿון מײַן האַרצען איהם אויסגעפּאַקט אויך,
אַביסעל געהײמע מחשבות.

— הער ראַטבאַרד! — האָב איך איהם געזאָגט אויפ׳ן קול:
— געה שלאָפֿען, און הער אויף צו שרײַען.
אַ פּאַבעל־באַשעפֿעניש ביזטו. דאָס גאָר.
מיר קענען זיך אָהן דיר באַפֿרײַען.

אַזאַ מין געשפּענסט מיט אַ קרױן, אונז פֿאַראױס —
איז דאָ פֿון װאָס חוזק צו מאַכען.
דאָס װאָלט פֿאַר די רעפּובליקאַנער געװען
אַנ׳עסק, צו פּלאַצען פֿון לאַכען.

אויך קען איך דײַן שװאַרץ־רױטע־גאָלד־געלע פֿאָהן,
שוין אין מײַן שטודענטען־צײַט, האָבען
די אַלט־דײַטשישע יאָלדען, מײַן לוסט צו דער פֿאָהן
גע׳הרג׳עט אין מיר, און באַגראָבען.

דאָס בעסטע וואָלט זיין — דו פאַרבלייבסט אין דער היים,
אַט־דאָ אין דעם אַלטען קופּהייזער;
און גיב איך אַביסעלע טיעפער אַ קלעהר —
באַראַרפען מיר גאָרנישט קיין קייזער.

## קאפיטעל XVII.

איך האב זיך מיט ראטבארד דעם קייזער געקריגט,
אין חלום ווען איך בין געשלאפען,
צו שטעהן פאר א פירשט אויפ'ן וואהר — פעהלט דער מוט
צו זאגען אלץ עהרליך און אפען.

אין חלום אין אידעאליסטישען בלויז
דערשרעקט זיך דער דייטש ניט, צו זאגען
זיין מיינונג די דייטשע, וואס ער האט גאר טיעף
ביי זיך אין זיין הארצען געטראגען.

פאריבער געפאהרען בין איך דורך א וואלד,
ווען איך האב געעפענט די אויגען;
און זעהענדיג הילצערנע ווירקליכקייט — איז
מיין חלום אוועק, ווי צופלויגען.

עס האבען די דעמבעס געשאקעלט די קעפ,
אזוי ווי זיי וואלטען געווארענט.
האב איך זיך געבעטען: א קייזער, פארגיב!
פארגיב וואס איך האב דיך דערצארענט!

פארגיב, וואס איך האב נישט געקליבען די רייד,
ביזט קליגער פון מיר, דאס איז זיכער,
נאר וואס זאל איך טון אז איך האב קיין געדולד
א, קום שוין, מיין קייזער, קום גיכער.

ווער צווינגט דיך צו גילאָטינירען די לייט?
צו דען שוין קיין מיטלען מעהר האָסטע?
דעם טויט מיט'ן שווערד פאַר די ריצער, דעם שטריק,
פאַר בירגער און פויערים פראָסטע.

מעגסט מאַכען א בייט אויך. די ריצער העננ אויף,
די קעפּ פונ'ם פאָלק האַק ארונטער,
מיר זענען דאָך קינדערלעך אלע ביי גאָט
ביי גאָט שיידט זיך קיינער ניט אונטער.

דעם שאַנד־קלאָץ פון קאַרל דעם פיפטען, שטעל אויף,
דאָ־דאָרטען, אין שטעדט, און אין גאַסען;
און ווילסטו — צוטייל אויך ווי פריהער דאָס פאָלק,
לויט צעכען, מנהגים, און קלאַסען.

וואָס רוימיש־פאַרהייליגט איז, פיהר ווידער איין
קעהר אום וואָס ס'איז שימליג און קויטיג;
און ברענג דאָס אמאָליגע אַלטוואַרג צוריק,
מיט אַלץ וואָס צו דעם איז נאָך נויטיג.

אפילו דאָס מיטעל־אַלטער ברענג אונז צוריק,
אבי נאָר דערלייז אונז אביסעל,
פון דאָס וואָס מען ווייסט ניט צי איז דאָס א פיש,
צי גאָר א שטיק פלייש אין דער שיסעל.

דאָס גאַנצע געמיש פון מאָדערנעם בעטרוג,
מיט גאָטישען וואַהנזין אינאיינעם —
די עקעלהאַפט־לומפּיגע ריצערליכקייט —
באַפריי פון די דאָזיגע שכנים.

פארטרייב זיי די קאמעדיאנטען, פאריאג !
שלים צו די דראמאטישע הייזער :
נענוג פאראדירט שוין פארצייטיגע יאהר —
א קום שוין, קום גיבער מיין קייזער.

## קאפיטעל XVIII

באוואָרענט איז מיגדען מיט שוץ און געוועהר
א פעסטונג פון אַלע פיער זייטען;
נאָר איך האָב די פּרייסישע פעסטונגען ליעב,
— אזוי ווי מען זאָגט — פון דער ווייטען.

מיר זענען געקומען ווען ס׳האָט שוין דער טאָג
כמעט מיט דער נאַכט זיך געגרעניצט;
די הענג־בריק האָט אונטער די רעדער געקרעכצט,
דער אפּגרונד האָט פינסטער געגעניצט.

אויך האָבען די טורעמס פון אויבען אראָפּ
געקוקט אזוי בייז און פארדראָסען;
און ס׳האָט זיך געעפענט דער טויער פאר אונז,
און הינטער אונז ווידער פארשלאָסען.

און אמת׳דיג מוטלאָז געוואָרען בין איך,
און ווי אדיסעוס פארטרויערט;
ווען ס׳האָט פּאָליפעם מיט א פעלז־שטיין די הייל
פארשפּארט און פארהאַקט, ווי פארמויערט.

געפרעגט ווי מיר הייסען האָט אונז א קאפּראַל
וואָס האָט זיך ביים וואָגען באוויזען;
כ׳הייס ניעמאַנד. אַנ׳אויג־דאָקטאר בין איך וואָס שטעכט
דאָס שטערען־אויג אויס ביי די ריעזען.

נאך ערגער געווען איז דערנאך אין קווארטיר,
גענואלט האט קיין זאך מיר ניט שמעקען;
האב איך זיך געלעגט און ניט שלאפען געקענט,
צו שווער געווען זענען די דעקען.

א פעדער־בעט האב איך געהאט אזאברייטס,
ארום מיר א פארהאנג א רויטען;
א הימעל פון קויטיגען גאלד איבער מיר,
א טראלד אויך, מיט עטליכע צויטען.

ניט שלאפען געלאזט האט דער טראלד גאר די נאכט,
קוים־קוים וואס די צייט איז פארגאנגען —
ער איז דאך אזוי ווי דאמאקלעס'עס שווערד
אריבער מיין קאפ מיר געהאנגען.

געדאכט האט זיך מיר, אז דער טראלד איז א שלאנג,
וואס שעפטשעט מיר בייז אין די אוירען:
דו ביזט און דו בלייבסט אין דער פעסטונג שוין איצט,
אויף אייביג געפאנגען, פארלוירען.

וואס האט מיך געטריבען — האב איך מיר געטראכט —
צו קומען אהער דא אריבער?
פארוואס בין איך ניט אין דער היים, אין פאריז
ביי איהר, ביי מיין פרוי ביי מיין ליעבער?

אויך האב איך א פאר מאל דערפיהלט ווי א האנד
באריהרט מיר מיין שטערען דעם קראנקען;
א האנד אזוי קאלט ווי די בייזע צענזור —
אוועק זענען מיינע געדאנקען.

דאן זענען זשאנדארמען אין ווייסען געהילט
אזוי ווי ניט־גוטע געקומען;
און האבען ביים בעט זיך צושטעלט ארום מיר,
און קייטען־קלאנג האב איך פארנומען.

ארויסגעשלעפט האבען זיי מיך פון מיין בעט,
געמוטשעט מיך עטליכע שטונדען;
ביז איך האב געטראפען זיך איינעם אליין
צום ברעג פון א פעלז־וואנד געבונדען.

דערזעהן האב איך ווידער דעם הימעלבעט־טראלר,
א שמוציגען איבער מיר אויבען;
נאר שוין ווי אנ׳ אדלער געשוועבט האט ער איצט,
מיט נעגעל געגרייטע, צום רויבען.

ר׳איז עהנליך צום פרייסישען אדלער געווען, —
די ברוסט מיינע האט ער צוריסען.
און איך האב געיאמערט און ער האט דערווייל
מיין לעבער אין שטיקער צוביסען.

געיאמערט האב איך — ביז דער האהן האט געקרעהט,
דערנאך איז מיין חלום ענטרונען.
דער אדלער איז ווידער געווארען א טראלר,
און איך האב אין בעט זיך געפונען.

דאן בין איך פון מינדען אנטלאפען כמעט,
מיט עקסטרא פאסט בין איך געפאהרען
אויף ביקעבורג׳ס ערד, אויפ׳ן וועג איז מיר ערשט
אביסעלע לייכטער געווארען.

# קאַפּיטעל XIX.

אַ ראַנטאַן, באַצאָהלט האָסטו טייער דערפאַר,
וואָס דו האָסט געזעהן ניט דעם אמת.
דאָס פאַטערלאַנד שלעפט זיך אויך מיט אויף די פיס,
עס ווענדט זיך נאָר אָפּטמאָל אויף ווערמעס?

אַ העלפט פון דעם פירשטענטהום ביקעבורג איז
אויף מיינע קאַמאַשען געבליבען;
דאָ האָבען די בלאָטיגסטע בלאָטעס — ווייזט אויס —
זיך אַלע צוזאַמענגעקליבען.

יאָ, אָפּגעשטעלט האָב איך זיך דאָ אויף אַ וויילע,
אין שטאָדט אריין בין איך פאַרפאָהרען,
צו זעהן ווי מיין זיידענס געבורטס־הויז זעהט אויס,
מיין באָבע איז אין האַמבורג געבאָרען.

האַנאָווער האָב איך אַרום מיטאָג דערגרייכט,
געלאָזט די קאַמאַשען זיך פּוצען;
דאַן בין איך געגאַנגען באַקוקען די שטאָדט —
עס קען אַמאָל אויך צו וואָס נוצען.

נאָר גאָט מיינער! דאָ איז דאָך ציכטיג און ריין,
קיין בלאָטע ליגט ניט אין די גאַסען;
אויך האָבען אַנ׳ איינדרוק אַ וואוילען געמאַכט
די הייזער אויף מיר, און די מאַסען.

נאָר שטאַרקער װי אַלץ איז געפֿעלען מיר דאָרט
א פּלאַץ אַזאַ ברײטער און רײנער; —
עס װאױנט דאָרט דער קעניג. דאָרט שטעהט זײן פּאַלאַץ.
ער איז לױט זײן אױסזעהן אַ שענער.

(איך מײן דער פּאַלאַץ) און אַ װאַך־שטיבעל שטעהט
בײ יעדער זײט טױער, פון פּאַרענט.
און רױט־רעק מיט ביקסען — זײ שטעהן אױף דער װאַך,
און זעהען אױס װילד און דערצאָרענט.

עס האָט מיר מײן פיהרער געזאָגט: אַז דאָ װאױנט
דער אַלטער, זײנהאָכװאָהלגעבאָרען
הערר ערנסט אױגוסטוס האָכטאַרישער לאָרד,
אַ שטאַרקער נאָך — לױט זײנע יאָהרען.

ער פיהלט זיך דאָ זיכער, װײל בעסער אסך
װי לײב־װעכטער טױזענד אינאײנעם,
באַשיצט איהם די אײביגע מוטהלאָזינקײט
פון ליעבע באַקאַנטע און שכנים.

איך זעה איהם אַמאָל. ס'איז איהם לאַנגװײליג דאָ,
ער הערט זיך ניט אױף צו באַקלאָגען:
אַ קעניג צו זײן אין האַנאָװער — זאָגט ער —
אַ לאַסט איז דאָס קױם צו דערטראָגען.

פאַרװאָרפען פון איהר — זײן בריטאַנישער װעלט —
אַהער אין אַ נעסט אַזאַ ענגען.
די מילץ־קראַנקהײט פּלאָגט איהם, ער שרעקט זיך אַלײן,
ער זאָל זיך ניט װען עס איז הענגען.

געזעהן האב איך איינעכטען דאכט זיך, פארטאג
אליין איהם אג׳ איינשפריצונג קאכען,
פאר די הינד זיינע קראנקע — נאר ער אליין אויך
האט אויסגעזעהן מיעד און צובראכען.

## קאפיטעל XX.

אין אוועגד־צייט בין איך פון הארבורג אוועק,
א שעה האט די רייזע גענומען;
מיך האבען די שטערען אין הימעל באגריסט,
ווען איך בין קיין האמבורג געקומען.

און קוים נאר עס האט מיך מיין מאמע דערזעהן,
איז זי מיר אנטקעגען געשפרונגען:
— אוי קינד מיינס! אוי קינד מיינס! — מיין גאט, וויפיל פרייד
עס האט אין דעם — קינד מיינס — געקלונגען!

— אוי, קינד מיינס! ס'איז שוין א יאהר דרייצעהן פארביי —
א מוטער־הארץ קען ניט פארגעסען!
זאג, הונגעריג ביזטו דאך זיכער אצינד,
וואס זאל איך דיר געבען צו עסען?

יא, גענזענפלייש האב איך, און טייערע פיש,
אויך האב איך דא עפעלעך שענע. —
— גיב גענזענפלייש מאמע! גיב טייערע פיש,
און גיב מיר אויך עפעלעך שענע.

און איך האב געגעסען מיט גרויס אפעטיט
מיין מאמע דערווייל האט פאמעלעך
מיך אויסגעפרעגט זאכען פארשיעדענערליי
מיין מאמע איז געווען אזוי פרעהלעך.

—אוי קינד מיינס! זאג, היט מען דיך אפ אין דער פרעמד?
צי ביזטו דארט טאקע א פרעמדער?
איז עפּיס א שטיקעל באלבאסטע דיין ווייב?
פאריכט זי דיר זאקען און העמדער?

— ליעבהארציגע מאמע, די פיש זענען גוט.
דאך זאלסטו מיך איצטער ניט צווינגען
צו ריידען מיט דיר — ווייל איך קען נאך דערביי
חלילה א ביינדעל פארשלינגען.

פארשלונגען די פיש — איז מיין מאמע מיר אויף
געגאנגען דאס גענזעל דערלאנגען;
דערביי האט זי ווידער געפרעגט ווי אזוי,
עס איז אין דער פרעמד מיר געגאנגען.

— אוי קינד מיינס, דערצעהל מיר אין וואס פאר א לאנד
איז שענער צו לעבען און בעסער,
צי דא, צי אין פראנקרייך? — און וואס פאר א פאלק
איז שענער און קליגער און גרעסער?

— יא, מאמע, א היימישע גאנז איז געשמאק,
דאך זיי די פראנצויזישע ווייבער
פארשטעהען זיך בעסער אויף דעם, ווי אזוי
צו פילען די גענזענע לייבער.

עס זענען די עפּעלעך גלייך נאך דער גאנז
געקומען מיך אויך צו באגריסען.
די עפּעלעך האבען גרויסארטיג געשמעקט
געהאט אזא טעם אזא זיסען.

מיין מאמע דערוייל האָט גענומען אויפ'ס ניי
פארשידענע זאכען באריהרען.
זי האָט מיר אפילו אויך פראגען געשטעלט
וואָס קענען פאראינטערעסירען.

— זאָג קינד מיינס, צי פיהרסטו פאָליטיק נאָך אלץ
צי זוכסטו נאָך אימער דעם אמת?
צו וועלכער פארטיי ביזטו איצטער געטריי,
צו וועלכען פרינציפ און צו וועמעס?

— יאָ, מאמע, די עפּעלעך שמעקען גאר פיין
איך עס זיי מיט וואָהרען פארגניגען.
דעם זאפט פון די עפעלעך שלינג איך אראָפּ
די קערלעך פון זיי לאָז איך ליגען.

## קאפיטעל .XXI

א העלפט פון דער שטאדט איז פארוואנדעלט אין אש
און וואס זאל איך זאגען אייך, קינדער?
אזוי ווי א האלב־אפגעשווירענער הונד
זעהט אוים אונזער האמבורג אצינדער.

עס פעהלען אוים גאסען באקאנטע. אהן זיי
איז מיר מיין נשמה א טריעבע.
אוואו איז דאס הויז וואו איך האב זיך געשפיעלט
דאס ערשטע מאל דארטען אין ליעבע?

נישטא אויך די בוכדרוקעריי, וועלכע האט
מיין נאמען אין דייטשלאנד צוקלונגען:
און וואו איז דער אויסטער־שענק דארט וואו איך האב
די אויסטערס די ערשטע פארשלונגען?

און וואו איז דער סמעטניק? דער סמעטניק וואו איז?
אומזיסט יא אומזיסט איז מיין זוכען.
און וואו איז דער פאווילאן אויך וואס האט מיך
געקארמעט מיט צוויבאק און קוכען?

און וואו איז דאס ראטהויז, אין וועלכען עס פלעגט
דער היילינער שטאדט־סענאט וואוינען?
א, הימעל! א פייער זאל זיין אזוי פרעך
דאס היילינסטע גארנישט צו שוינען!

גזזיפצט האט דער עולם, געזיפצט און דערצעהלט
די מעשה פון שרעקליכען פייער.
עס איז א געפעהרליכע שרפה געוועז,
די שטאדט האט געברענט ווי א שייער.

די שטאדט האט זיך פלוצלינג ארום און ארום
אין רויך און אין פלאמען פארלארען;
עס האבען די קלויסטערם א פלאקער געטאן
און זענען צופאלען געווארען.

פארברענט איז די בערזע — עס האבען געוויינט
דאן אונזערע טאטעס געפעהרליך.
זיי האבען דארט הונדערטער יאהר צווישען זיך
געהאנדעלט — לויט מעגליכקייט — עהרליך.

די באנק — יא דאס זילבערנע הארץ פון דער שטאדט,
די ביכער וואו ס'זענען פארשריבען
די ווערטען פון יעדוועדען בירגער אין שטאדט —
זיי זענען — א דאנק גאט — געבליבען!

אויך האט מען — א דאנק גאט — נדבות געשיקט
פון פרעמדע, און וייטע נאציאנען.
א טייערער מסחר! — מען האט אונז געשענקט
א סומע פון אכט מיליאנען.

עס האבען צו היטען דאס דאזיגע געלד,
די גלויביגע קריסטען באקומען.
עס האט זייער לינקע האנד קיינמאל געוואוסט
וויפיעל ס'האט די רעכטע גענומען.

עס איז פֿון די װײטעסטע לענדער צו אונז
דאַס געלד װי אין שטראָמען געקומען;
אױך האָט מען אונז מיטעל צום לעבען געשיקט,
און מיר האָבען געבאַך גענומען.

מען האָט אונז אױ קלײדער אױ בעטען געשענקט
און פֿלײש ניט פֿאַרגעסען צו שיקען;
דער קעניג פֿון פּרײסען אפֿילו האָט אױך
געװאָלט אונז מיט זעלנער באַגליקען.

דער שאַדען פֿון שטאָדט, מאַטיריעל — איז געװען
נישט־קשה־געדעקט, קען מען זאָגען;
דעם שרעק אָבער האָט גאָר קײן מענש ניט געקענט
פֿון אונזערע הערצער פֿאַריאָגען!

אַך, ברידער! — האָב איך זײ ערמוטהיגט — ניט קלאָגט!
יאַ שװײגט בעסער אַלע צוזאַמען.
זעהט: טראָיאַ, אַ הונדערטמאָל בעסערע שטאָדט
איז אױכעט אַװעק מיט די פֿלאַמען.

נעמט בעסער און בױט װידער אױף אײער הױז,
הערט אױף אין דער בלאָטע צו זיצען.
פֿאַרשאַפֿט אײך אַ בעסער געזעץ־בוך, און דאַן —
אױך בעסערע קישקעס צום שפּריצען.

און גיסט ניט אַזױ פֿיל געמישעכץ אַרײן
אין אײערע פֿאַרעװע זופּען.
איהר קאַכט אױך די קאַרפּען אַביסעל צו פֿעט
און שאָבט ניט אַרונטער די שופּען.

פארלעגענע אייער, זיי שאטען אייך ניט,
נאר קענט איהר דעם פויגעל דעם אלטען,
וואס לעגט זיינע אייער ארייַן אין דעם קאפ
פון יענעם, וואס דארף אייך פארוואלטען?

איהר קענט איהם דעם פויגעל? — א היט זיך פאר איהם.
איך דארף עס אייך דאכט זיך ניט זאגען.
קוים טראכט איך פון איהם קעהרט זיך איבער ביי מיר
גאר פשוט דאס עסען אין מאגען.

## קאפיטעל XXII.

ווייזט אויס, אז עס האבען די מענשען אין שטאָדט
נאָך מעהר ווי די שטאָדט זיך געביטען.
עס דאכט זיך זיי געהען ווי חורבות ארום
וואָס וועלען אָט־אָט זיך צושיטען.

די מאָגערע זענען נאָך מאָגערער איצט —
די פעטע נאָך פעטער געוואָרען;
די קינדער פארעלטערט, די עלטערע דום,
אזוי ווי אין קינדישע יאָהרען.

א סך וואָס כ׳האָב קעלבער פארלאָזט, זענען איצט
שוין אָקסען ברייט־ביינערדיג שענע;
אויך זענען שוין שמאָלצע באפליגעלטע גענז,
די פריהערע גענזלעך די קליינע.

די גודעל, די אַלטע געשמינקט און געפוצט,
ווי איינע פון יענע... כ׳לעבען.
קוים־קוים צו דערקענען — ווער האָט איהר די האָר —
ווער האָט איהר די ציינער געגעבען?

מיין פריינד פון אמאָל, דער פאַפּיר־הענדלער בלויז,
זעהט אויס נאָך אזוי ווי געוועהנליך.
ער איז מיט זיין געלען קאָפּ האָר שיעור־שיעור,
צום טובל׳ער רב יוחנן עהנליך.

איהם * * * האָב איך געזעהן, ווי א ווינד
איז ער מיר פאַריבער געוויכערט.
מען זאָגט ר'איז א נשרף אין גייסט — נאָר צום גליק
האָט ביבער אמאָל איהם פאַרזיכערט.

באַגעגענט אין גענז־מאַרק אין נעבעל האָב איך
מיין גוטען צענזאָר אויך דעם אַלטען.
ר'האָט אויסגעזעהן געבאָך, ווי איינער וואָס זאָגט:
איך וועל זיך דאָ לאַנג שוין ניט האַלטען.

ס'האָט אויסגעזעהן אַז צוליעב מיר וועט ער באַלד
א טרער פון די אויגען פאַרליערען;
ער האָט זיך געפרעהט און געדריקט מיר די האַנד —
א סצענע אַזוינע קען ריהרען...

געפונען ניט אַלע — אסך האָבען זיך
געהאַט מיט דער וועלט שוין געזעגענט.
אפילו מיט איהם — גומפעלינא מיין פריינד,
האָב איך זיך שוין מעהר ניט באַגעגענט.

דער איידעלער האָט די נשמה געלאָזט
און אָפּגעשיידט זיך פונ'ם לעבען;
איצט קומט איהם דאָרט אויס, ווי א מלאך פאַרקלעהרט,
ארום כסא כבוד צו שוועבען.

אומזיסט אויף דעם קרומען אַדאַנים געזוכט,
וואָס האָט פאַרצעליירגע שיסלאַך,
און טעצלאַך אין האַמבורגער גאַסען פאַרקויפט
און נאַכט־טעפּלאַך אויבעט צוביסלאַך.

דער קליינטשיקער מאיר צי לעבט ער נאך וואו?
דאס קען איך באמת ניט זאגען.
קארנעט'ען א פרעג טאן געדארפט. עס איז שווער
אלצדינג אויפ'ן סח צו טראגען.

און סאראס, דער פודעל, איז אויך געבאך טויט,
און גלויבט מיר, עס איז ניט קיין ליגען,
ווען קאמפע וואלט אנווערען שרייבער א שאק
געהאט וואלט ער מעהר פארגעניגען. — — — —

פון אידען און קריסטען איז האמבורג באוואוינט,
פון תמיד, זינט מענשען געדענקען.
עס האבען די קריסטען אויך — זינט מען געדענקט —
ניט ליעב געהאט פיעל צו פארשענקען.

די קריסטען פארטראגען זיך— און קענען אויך
א מיטאג א גוטען פארטראגען;
און אלע באצאהלען די וועקסלען, זאגאר
נאך איידער מען בעהט זיי פארקלאגען.

די אידען דאך זענען פארטייאיש צעטיילט,
און זענען צו זיך ניט געטרייע;
די אלטע זיי געהען אין שוהל אריין נאך,
דעם טעמפעל באזוכען די נייע.

די נייע זיי עסען שוין חזיר־פלייש אויך,
זיי פיהרען זיך אויף דעמאקראטיש;
די אלטע דאך בלייבען פאר'עקשנ'ט ביי זיך
ווי תמיד פאר'יחסנ'ט־באלבאטיש.

די אַלטע די נײַע — כ'האָב אַלעמען ליעב,
כ'האָב ליעב זײ װי גאָט האָט געבאָטען;
דאָך זענען מיר ליעבער נאָך מעהר יענע פּיש
װאָס הײסען גערויכערטע שפּראָטען.

## קאפיטעל XXIII.

עס לאזט זיך ניט זאגן, אז האמבורג איז גרויס,
וועגעדיג און פלארענץ איז גרעסער.
נאר האמבורג האט בעסערע אויסטערם אין שענק,
און בעסערען וויין אין די פעסער.

מיין ליעבער פערלעגער, הערר קאמפע, האט מיך
אין אבענד געפיהרט אין א קעלער,
וואו רהיין־וויין באקומט מען אין רוימישען גלאז,
און אויסטער אין היימישע טעלער.

די לוסטיגע ברידער, די פריינד פון אמאל,
געטראפען דארט האב איך זיי ווידער:
אויך האט מיך מיין ליעבער פערלעגער באקענט
מיט אנדערע לוסטיגע ברידער.

דער ווילי — מיין נייער באקאנטער, א יונג
וואס איז מיר געוואלטיג געפעלען,
איך האב אויף זיין פנים געליי'נט — וויפיעל מאל
מען האט איהם צוקלאפט אין דועלען.

און פוקס האט געלעסטערט דעם אייביגען גאט,
אזוי ווי אנ'אמת'ער שונא;
ער גלויבט נאר אין העגעל, האט ער מיר געזאגט,
אין וועגוס און נאך אין אזוינע.

הערר קאַמפּע אביסעלע שכור — האָט ניט
קיין אַנטייל גענומען אין ריידען.
געשמייכעלט האָט ער ווי אַ נאַנעלע פרום,
זיין אויג האָט געשטראַהלט מיט גן־עדן!

און איך האָב געטרונקען, דערביי האָב איך אויך
געטראַכט פון הערר קאַמפּע דאָס בעסטע;
חוץ דעם וואָס אַליין איז ער גרויס — איז דערביי
זיין ביכער־געשעפט אויך, דאָס גרעסטע.

צו וואָלט מיר אַ צווייטער פערלעגער אַוואו
געגעבען אַזוי פיעל צו עסען?
און ער נעבאַך גיט מיר צו טרינקען נאָך אויך —
ניין, דאָס וועל איך קיינמאָל פאַרגעסען.

אַ דאַנק דעם באַשעפער אין הימעל, וואָס ער
האָט מיר אַ פערלעגער געגעבען,
אַז ער זאָל פאַרלעגען מיין גייסט און ער זאָל
מיט רהיין־וויין פאַרזיסען מיין לעבען.

אַ דאַנק דעם באַשעפער אין הימעל דערפאַר,
וואָס האָט מיט זיין גרויסען „זאָל ווערען"
באַשאַפען דעם וויין און די אויסטער אין שענק,
און הויך אויפ'ן הימעל די שטערען.

און אויך פאַר דעם טייערען לימענע־זאַפט,
דאַנק איך דעם היימישען טאַטען;
איך שפּריץ איהם אַרויף אויף די אויסטער, און בעט
עס זאָל מיר דאָס מאכל ניט שאַטען.

דער רהיין־וויין צעוואַרעמט דאַס בלוט אין מיין הארץ,
פאַרלעשט די זכרונות די טריעבע
ביי מיר אין דער ברוסט, און ער צינדט דאָרטען אַן
פאַרלאַנגען נאָך מענשליכער ליעבע.

עס ציהט ווי מיט שטריק מיך פון צימער אַרוים
דורך נאַכט און דורך גאַסען צו שפּרייזען.
עס זוכט מיין נשמה אַ צווייטע צו זיך —
אַזאַ אין אַ קליידעל אַ ווייסען.

אין רגע'ס אַזעלכע צופּלים איך כמעט,
פון אומעט און בענקשאַפט צוגעה איך.
עס דאַכט זיך מיר דאַן, אַז די קעץ זענען גרוי
און נאַקעט די ווייבער רערזעה איך.

נעגאַנגען אין שיין פון לבנה בין איך,
אַזוי ביז צום שטאַדטישען גאָרטען;
אַ פרוי מיט אַ ריעזיגען בוזים איז מיר,
אַנטקעגען געקומען פון דאָרטען.

אַ פרוי מיט אַ פּנים גאַר רויט און געזונד,
און ליפּען ווי רויזען צובליהטע;
דאַביי האָט מיר דאַכט זיך — איהר נאַז אויך געשיינט
כמעט ווי אין זשאַר אַ צוגליהטע.

באַדעקט האָט אַ קופּקע אַ ווייסע איהר קאָפּ,
אַרום און אַרום אַ באַשפּיצטע,
אַזוי ווי אַמאָל פון אַ טורעם דער שפּיץ,
מיט שענע געזימסען געשניצטע.

אויף האָט זי געטראָגן אַ מאַנטעל אויף זיך,
ביז איבער די פּאַלקעס אַרונטער;
און פּיסלאַך — מיין גאָט! — יעדער פוס אַזוי שווער,
אַזוי ווי אַ קלאָץ אַ געזונטער.

זי האָט זיך דערנעהנטערט צו מיר מיט אַ גרוס,
קום, לאָמיך דיר אָפּגעבן שלום;
איך זעה, אַז דו ביזט נאָך דערזעלבער וואָס פריה'ר
די צייט איז אַוועק ווי אַ חלום.

— וואָס זוכסטו? — די שענע נשמות פּיליייכט,
וואָס האָבען דיר וואויל־טאָג געגעבען?
די שענע נשמות וואָס האָבען זיך דיר
געווידמעט מיט לייב און מיט לעבען?

— די מיידלעך — די בלומען געפינסטו ניט מעהר
נישט־קשה, דיין האַרץ מעג עס וויסען;
זיי האָבען געבליהט און זיי זענען פאַרוועלקט,
עס האָט זיי דער שטורעם צעריסען.

— צוריסען, צושטויבט ווי די בלעטער אין הערבסט,
געשטאָרבען איז איינע ווי איינע. —
מיין פריינד, דאָס איז שטענדיג דער ביטערער סוף
פון אַלע די וואוילע און שענע.

גערעדט האָט די פרוי און געוועקט אין מיין האַרץ,
אַ טרוים פון פאַרגאַנגענע צייטען.
איך האָב זי געפרעגט ווער זי איז? וואו זי וואוינט?
צי מעג איך אַהיים זי באַגלייטען?

געשמייכעלט צו מיר האָט די פרוי און געזאָגט:
— פאַרגעס ניט, אַז איך בין אַ ריינע,
אַ ריינע מאָראַליש־ערצויגענע פרוי,
ניין, ניין, איך בין ניט אַזאַ איינע...

— איך בין ניט קיין מיידעל אַזאַ ווי דו ווילסט,
אַ ווערט גאָר אַ גרויסען באַזיץ איך.
האַמאָניאַ היים איך, אַ געטין בין איך,
דאָס הייליגע האַמבורג באַשיץ איך.

— נאָר אויב דו ווילסט דוקא אַהיים פיהרען מיך,
וואָס שטוינסטו? וואָס לעגסטו נאָך איבער?
וואָס צענערסטו נאָך, און וואו איז דיין קוראַזש?
וואָס טראַכסטו, וואָס טראַכסטו, מיין ליעבער?

— איך טראַכט ניט, — האָב איך איהר געענטפערט — איך געה;
מיין האַרץ איז נאָך יונג און נאָך מונטער.
דו געה נאָר פאַראויס און איך געה הינטער דיר,
אפילו אין גיהנום אַרונטער.

## קאפיטעל XXIV.

ווי איך בין אזוי דורך די טרעפ ביז ארויף,
דערגאנגען — דאס קען איך ניט זאגען.
איך גלויב, אז עס האבען מיך ביז צו דער טיר,
פארבארגענע רוחות געטראגען.

די צייט אין האמאניאס אלקער'ל איז
אזוי ווי אנטרונען געווארען;
און אויסגעזאגט אויך האט די געטין מיר דארט,
אז זי איז מיין פריינד שוין פון יאהרען.

ס'איז אמת — האט זי מיר געזאגט — ס'האט אמאל,
דאס הארץ מיינס אין גאנצען באצוואונגען
דער זינגער וואס האט אויף זיין לירע גאר פרום,
דעם גרויסען דערלייזער באזונגען.

—דארט שטעהט נאך זיין ביוסט, דאס איז קלאפשטאק, דו זעהסט,
דארט אויפ'ן קאמאד אין דער מיטען.
איצט טראגט ער מיין קופקע — פארשטעהסטו דאך שוין,
ווי שטארק ס'האט מיין הארץ זיך געביטען.

—מיין ליעבסטער ביזטו איצט. שוין הענגט דיין פארטרעט,
צוקאפענס אריבער מיין בעט דארט;
און זעהסטו, מיט לארבערן פריש איז באציערט,
דער ראהם פון דיין ליעבען פארטרעט דארט.

— מיך האָט נאָר געאַרט וואָס דו האָסט אַזוי אַפט,
געקרענקט מיינע זיהן — אַ דו שלעכטער.
איך האָף, אז דו וועסט אין דער צוקונפט שוין זייז
אַביסעלע פיינער, גערעכטער.

— יאָ, האָפענטליך איז עס געלונגען דער צייט,
צום בעסערען דיך צו פאַרוואַנדלען ;
דו זאָלסט שוין מיט יושר אביסעלע מעהר
אפילו נאַראָנים באהאַנדלען.

— דאָך זאָג מיר, מיין ליעבער ; ווי פאַלט דיר דאָס איין
צו קומען גאָר פּלוצלינג צופאָהרען ?
אין איצטיגער צייט — ס׳איז אין דרויסען שוין קאַלט,
ס׳איז ווינטער כמעט שוין געוואָרען.

א טייערע געטין, עס שלאָפען אַמאָל
געדאַנקען אין הארצען פאַרבאָרגען,
וואָס כאַפּען זיך אויף ניט אין ריכטיגער צייט,
און מאַכען אונז ביטערע זאָרגען.

אזוי איז מיר ווירקליך געגאַנגען ניט שלעכט,
נאָר לעצטענס פּלעגט אַלע טאָג קומען
אנ׳ אומעט וואָס האָט מיך דערמאָנט אין דער היים —
אַ היים־בענקען האָב איך גענומען.

מיר האָט זיך געדאַכט, די פראַנצויזישע לופט,
די לייכטע — הויבט אָן מיך צו דריקען ;
און אָטעם, צו כאַפּען געקומען בין איך
קיין דייטשלאַנד, איך זאָל נישט דערשטיקען.

פון דייטשען טיטון־רויך און טאָרף־געררוך אויך,
גענומען האָב איך פאַנטאַזיערען;
פאר אומגעדולד האבען געציטערט די פיס
די היימישע ערד צו באריהרען.

ביי נאכט פלעג איך זיפצען. די בענקשאפט אהיים
זי האָט מיר פארביטערט דאָס לעבען:
דיין מאמע די אלטע, וואָס פאַהרסטו ניט זעהן
און לאַטכען וואָס וואוינט דאָרט דאנעבען ?

די בענקשאפט נאָך איהם, נאָך מיין פעטער האט אויך
מיר שיעור ניט דאָס הארץ אויפגעפרעסען;
ער האָט מיך גע'מוסר'ט און האָט אויך דערביי
מיך ניט צו באשיצען פארגעסען.

דאָס טייערע ווערטעל זיינס „נארישער יונג"
געוואָלט האָט זיך נאָכאמאָל הערען.
מיין הארץ פלעגט דערביי ווי ביי שענער מוזיק,
אי פרעהליך אי אומעטיג ווערען.

געוואָלט האָב איך זעהן פון די קוימענס דעם רויך
וואָס דייטשישע ווינטען צובלאָזען;
און הערען א נאכטיגאל־ליעד, און אויך זעהן
א לאָנקע מיט בוימער און גראָזען.

איך האָב אויך אפילו געבענקט דאָרט אהין,
וואו איך האָב מיין יוגענד פארקומערט;
וואו איך האָב ווי גאָט אויפ'ן צלם געשלעפט,
מיין דערנער־קרוין, שטיל פאראומערט.

כ'האב וויינען געוואלט אויך אזוי ווי אמאל,
די אייגענע טרערען די טריעבע;
יא, יא, ס'איז א נארישע בענקשאפט. איך ווייס:
זיי רופען דאס פאטערלאנדס־ליעבע.

עס איז נאר א קראנקהייט און רעד איך דערפון
הויבט אן מיך אליין צו פארדריסען.
פון וואונדען מאכט קיינער קיין אויסשטעלונג ניט,
דאס פובליקום דארף עס ניט וויסען.

דאס לומפען־געזינדעל פארהאס איך צום טויט,
זיי ווילען דאס פובליקום ריהרען.
שענקט יעדער דעם פאטריאטיזמוס א לויב,
און טראגט איהם מיט אלע געשוויהרען.

און מענצעל און אויך זיינע שוואבען מיט איהם,
עס ווילט זיך זיי זיין פאפולערער.
נו לעקען זיי זיך ווי די הינד ארום פאלק
אבי צו געפעלען וואס מעהרער.

א טייערע געטין — פארגיב מיר פאר דעם
וואס היינט איז מיין שטימונג ניט פרעהליך,
איך בין ניט מיט אלעמען — יא איך בין קראנק
דאך היט איך אין הייל זיך פאמעליך.

יא. קראנק בין איך, געטין, און דו וואלסט געקענט
מיין קראנקע נשמה דערפרישען.
א ווארים גלאז טיי וואלט מיר גארניט געשאדט
דו מעגסט עס מיט ראם אויך פארמישען.

## קאפיטעל XXV.

עס האָט מיר די געטין דערלאַנגט אַ גלאָז טיי —
אריינגעמישט ראָם א פּאָר טראָפּענס.
די געטין אַליין האָט געטרונקען בלויז ראָם,
דאָס האָט איהר פאַרדרעהט דעם צוקאָפּענס.

האָט זי אויף מיין אַקסעל די קופּקע צוקנייטשט
און אָנגעקוקט מיך אַזוי צערטליך.
און וואָס ז'האָט גערעדט צו מיר דעמאָלט — אַ, הערט:
איך גיב עס אייך איבער וואָרט-ווערטליך.

אָ, טייערער מיינער, האָט זי מיר געזאָגט:
צי ווייסטו וואָס איך האָב געליטען?
איך האָב דאָך געוואוסט, אַז עס איז אין פּאריז
נישטאָ, ווער עס זאָל דיך באַהיטען.

מיר האָט זיך געדאַכט, אַז דו שלעפּסט זיך ארום,
און ס'וועט פון דיר גאָרנישט ניט ווערען.
קיין דייטשער פערלעגער אפילו נישטאָ,
וואָס זאָל, וואו מען דארף, דיך באַלעהרען.

אויף זענען דאָרט לוסטיגע מיידלעך פאַרהאַן,
וואָס קענען ווער ווייסט וואו פאַרפיהרען.
פאַרליערט מען דאָס ביסעל געזונד — איז שוין גרינג
די זעעלען-רוה אויך צו פאַרליערען.

ניין, פאהר בעסער מעהר ניט צוריק, בלייב שוין דא.
דא האסטו, ווער ס'זאל דיך באהיטען.
אויך בליהט דא פארגניגען ניט ווענינ פאר דיר
אפילו ביי אונז אין דער מיטען.

דו ווענסט קיין חרטה ניט האבען, פאלג מיך,
די צייט איז אין דייטשלאנד שוין בעסער;
א בלינדער קען זעהן אונזער פארשריט: ער וואקסט,
און טעגליך צעוואקסט ער זיך גרעסער.

אויך איז די צענזור שוין ניט מעהר אזוי שטרענג:
ס'איז האפמאן שוין עלטער געווארען;
ער וועט דיך ניט טשעפען: נישטא שוין ביי איהם
דער כעס פון אמאליגע יאהרען.

אויך דו ביזט שוין עלטער, ווענסט צופאסען זיך,
א מענש איז דאך פארט ניט פון אייזען;
וועט אפשר פאר דיר די פארגאנגענהייט אויך
אין בעסערען ליכט זיך באווייזען.

ס'איז נים אזוי שרעקליך געווען ביז אצינד,
ווי מ'האט עס דיר איבערגעגעבען;
באפרייט צו זיין — האט מען געקענט, ווי אין רוים,
ביי אונז אויך זיך נעהמען דאס לעבען.

דאס פאלק האט זיך דענקען געמענט, וואס סע וויל:
אין קאפ אריין לאזט זיך ניט קוקען.
פארפאלגט האט מען יענע די איינציגע נאר,
וואס דענקען און שרייבען און דרוקען.

אויף האט מען אונז אלע דערוויייל נאך ביז היינט
באהאנדעלט געריכטליך און עהרליך;
פארלוירען זיין רעכט האט נאר יענער, וואס איז
געוועזן דעמאגאגיש־געפעהרליך.

עס איז ניט געוועזן אזוי שלעכט — כאטש די צייט
האט אלע, וואס איז ליטיש, פארדארבען;
אין דייטשען געפענגעניש איז נאך דערוויייל
קיין דייטש ניט פון הונגער געשטארבען.

יא, זיכער. ס'איז וואהר. די פארגאנגענהייט איז
געוועזן נאך אביסעלע ריינער;
מען האט ניט געצווייפעלט פארצווייפעלט, ווי איצט,
און נאט אפגעלייקענט האט קיינער.

כ'האב מורא, די פראקטישע פרייהייט וועט אונז
נאך אפטאן אנ'ערנערע מעשה:
ז'עט הרג'ענען דאס אידעאל אין דער ברוסט,
וואס בליהט, ווי א בלום ווי א ווייסע.

און דאס, וואס די דיכטונג געהט אוים, ווי א ליכט,
דאס קען אויך פארדריסען ניט ווייניג;
די קעניגען שטארבען, מיט זיי שטארבט אוועק
אויך פרעיליגראטס פינסטערער קעניג.

די אייניקלעך וועלען נאך עסען געגוג
און טרינקען, דאך ניט מעהר געלאסען;
דאס שענע, אידילישע לעבען הערט אויף,
עס רודערט זיך שוין אין די גאסען.

ווען דו וואָלסט מיר צוגעזאָגט שווייגען, וואָלט איך
געעפענט פון שיקזאַל דעם זיגעל,
און וואָלט דיר געוויזען די קומענדע צייט,
ווי אין א פאר'כשופ'טען שפיגעל.

ביז איצט האָט קיין לעבעדיג נפש נאָך ניט
געזעהן, וואָס מיר ווילט זיך דיר צייגען;
איך וואָלט דיר דיין פאטערלאנדס צוקונפט געצייגט,
ווען איך וואָלט געוואוסט, אז ד'עסט שווייגען.

אָ, גאָט מיינער — האָב איך געטראכט — וואָס זי רעדט?
ביי מיר בלייבט א סוד ניט פארשוויגען?
די צוקונפט פון דייטשלאנד — דאָס וואָלט דאָך געווען
מיין שענסטער געטרוימטער פארגניגען.

אָ, געטין — האָב איך איהר פארזיכערט — איך שווער
ביי אלץ, וואָס דו וועסט נאָר באגעהרען;
איך שווייג, ווי א טויטער. דאָס זאָג איך דיר צו
ביים טייערסטען קען איך דיר שווערען.

איז גוט — האָט די געטין געענטפערט — זאָלסט זעהן
די צייט, וואָס איז נאָך ניט געבוירען;
נאָר שווער מיר אזוי ווי אברהם'ען האָט
זיין קנעכט אליעזר געשוואוירען.

די האנד לעג ארונטער מיר אונטער מיין דיך
און שווער, אז א סוד זאָל עס בלייבען;
אז דו וועסט אין ערגיץ ניט ריידען דערפון
און וועסט וועגען דעם אויך ניט שרייבען.

אַ, גרויסער מאָמענט! כ'האָב דערפיהלט איבער זיך
דעם גייסט פון אמאָליגען גלויבען;
און פארטיג צו געבען מיין שבועה, האָב איך
דאָס קלייד ביי דער געטין פארהויבען.

און מיט דער האנד ביי איהר דיך האָב איך איהר
געשוואוירען, א סוד זאָל עס בלייבען;
אז איך זאָל אין ערגיץ ניט ריידען דערפון
און זאָל וועגען דעם אויך ניט שרייבען.

## קאפיטעל XXVI.

דערגרייכט האָט דער ראָם ביי דער געטין, ווייזט אויס,
דעם אויבערשטען שמאָק פון געהירען;
געברענט האָט איהר פּנים, דערביי האָט איהר קול
געאומעטיגט, שטיינער צו ריהרען.

איך הויב שוין אָן אַלט ווערען — האָט זי געקרעכצט —
מיך האָט ביי דער עלבע געבאָרען
די קעניגין איבער די שעל־פיש, אין טאָג,
ווען האמבורג איז האמבורג געוואָרען.

געווען איז מיין טאטע א גרויסער מאָנאַרך,
ר'האָט מאגנום קאראָלוס געהייסען;
ר'איז שטארקער אסך און אויך קליגער געווען
פון פריעדריך דעם גרויסען פון פּרייסען.

אין אכען, דאָרט שטעהט נאָך דער שטוהל, וואס ער האָט
אין טאָג פון זיין קרוינונג פארנומען;
דעם שטוהל דאָך, וואָס ער האָט פארנומען ביי נאכט,
דעם שטוהל האָט מיין מאמע באַקומען.

זי האָט איהם גע'ירשג'ט און האָט איהם דערנאָך
אויך מיר בירושה געגעבען;
איך גיב איהם ניט אָפּ פאר קיין געלד אין דער וועלט:
ר'איז טייער ביי מיר, ווי דאָס לעבען.

ס'איז ניט קיין אַנטיק, ס'איז אַ פּשוט'ער שטוהל,
אַזוי ווי דו זעהסט איהם — דאָרט שטעהט ער;
צולעכערט פון מאיל, און צוריסען און אַלט,
דערזעהסטו די צוקונפט פאַר ד'אויגען.

נאָר, אַז דו ווערסט צוגעהן און אויפהויבען דאָרט
דאָס קישען, וואָס ליגט אויף'ן זעסעל,
דערזעהן ווערסטו נאָכדעם אַ קיילעכדיג לאָך
און אונטען אַ קליינטשיקען פעסעל.

אין פעסעל דאָרט ליגט אַ פאַר'כשופ'טע קראַפט,
דו דאַרפסט נאָר אַביסעל זיך בויגען,
און דאַרפסט נאָר אַריינשטופען דרינען דעם קאָפּ,
דערזעהסטו די צוקונפט פאַר ד'אויגען.

די צוקונפט פון פאָטערלאַנד ווערסטו דערזעהן
באַשיינפערליך, ווי דורך אַ וואונדער;
און שרעק זיך ניט אָפּ, כאָטש דעם פעסעלס גערוך
איז ניט אַזוי איבריגס־באַזונדער.

דאָ האָט זיך די געטין גאָר מאָדנע צעלאַכט,
נאָר איך האָב דעם מוטה ניט פאַרלוירען;
און נייגעריג האָב איך אין פעסעל מיין קאָפּ
אַריינגעשטעקט ביז צו די אוירען.

וואָס איך האָב געזעהן דאָרט, דאָס וועט מען מיט מיר
אינאיינעם אין קבר פאַרשיטען;
איך האָב דאָך געשוואוירען, נאָר וואָס כ'האָב געשמעקט,
געשמועקט דאָרט — זאָל גאָט שוין באַהיטען.

א ריח פון יוכטען און זויערקייט אלטס
און אנדערע סארטען געשטאנקען,
וואס האבען פארכאפט, ווי א פעסט אין מיין קאפ
די דופטיגסטע בלומען־געדאנקען.

און ס׳האבען די ריחות נאך מעהר זיך פארמעהרט,
און ברייט ארום מיר זיך צוקעניגט,
ווי שטאלען מיט מיסט זעקס און דרייסיג אין צאהל,
וואס ווערען אויף איינמאל גערייניגט.

איך וויים: דאס געשטאנק ביי פראצעסיעס איז
ניט איבערצוטראגען במחילה;
סאינט יוסט האט געזאגט, אז די קראנקהייט איז גרוים:
קיין רויזען־אויל העלפט ניט אפילו.

דאך איז דאס — פארגליכען צום פאטערלאנדס־דופט
א בלאטעריל קעגען א מכה;
מיין נאז איז דרעסירט — נאר דאס דאזיגע איז
געווען ניט צום אויסהאלטען טאקע.

ווייזט אויס, כ׳האב גע׳חלש׳ט; ווייל נאכדעם, ווען איך
האב אויפגעכאפט זיך, האב איך ווידער
דערפיהלט אויף דער ברוסט פון דער געטין מיין קאפ,
נאר דאסמאל אביסעלע מיעדער.

געברענט האט דער בליק ביי דער געטין, געגליהט,
די נאז האט מיט פייער געבלאזען,
ווען זי האט געהאלזט מיך — און דא איז דאס ליעד
מיט וואס ז׳האט זיך הערען געלאזען.

פארהאן איז א קעניג אין טהולע, וואס האט
א בעכער, קיין זאך איז איהם ליעבער;
און כאפט ער א טרונק פון דעם בעכער אריין,
דאן געהען די אויגען איהם איבער.

און דעמאלט אויך פאלען געדאנקען איהם איין,
וואס לאזען זיך קוים פאנטאזירען;
עס קען זיך איהם גלוסטען צו טאן א באפעהל,
מען זאל דיך זאפארט ארעסטירען.

א, היט זיך, מיין ליעבער, און פאהר ניט אהין:
ס'א קעניג, וואס האט קיין ערבארמען;
אויך פאר דער היסטארישער שוהל היט זיך אויס
און פאר פאליציי און זשאנדארמען.

אין האמבורג בלייב דא, נעבען מיר, כ'האב דיך ליעב.
ביי מיר זאלסטו טרינקען און עסען,
דעם וויין און די אויסטערס פון איצטיגער צייט,
און זאלסט אן דער צוקונפט פארגעסען.

פארדעק, און א סוף, זאל שוין מעהר דער גערוך
דאס ביסעלע פרייד ניט באטריעבען;
איך ליעב דיך אזוי, ווי א פרוי איז בכח
א דייטשען פאעטען צו ליעבען.

איך פיהל, ווי דיין גרויסקייט וואקסט אויס איבער מיר.
אלץ טהו איך, וואס דו ווערסט פארלאנגען;
דו האסט מיך גאר וואונדערליך שכור געמאכט,
דו האסט מיין נשמה געפאנגען.

מיר דאכט זיך: די נאכט־וועכטער הער איך אין גאס,
וואס קומען פון אלערליי ערטער,
און זינגען א הימנע, א חופה־געזאנג
פאר מיר און פאר דיר, מיין באשערטער.

איצט קומען די קנעכט אויך צו רייטען אהער
מיט שטורקאצען העלע און פאקלען;
זיי טאנצען אונזביידען לכבוד, א טאנץ,
און שפרינגען, און האפקען, און וואקלען.

שוין קומען אהער אויך די לייט פון סענאט
און זקנים, גרייז־גראה און גרויסארטיג.
דער שטאדט־טאטע אויך איז געקומען מיט זיי;
ער מאכט זיך צום דרשנ'ען פארטיג.

אויך קומען אהער דיפלאמאטען א סך
אין פיעל־פארביג רייכע געוועגדער;
אויך זיי גראטולירען אונז האלב־אפיציעל
אין נאמען פון זייערע לענדער.

אויך זעה איך גלחים, ראבינערס מיט זיי;
אויך האפמאן'ען זעה איך פון וויימען.
דאך קומט ער אהער מיט דער שער אין דער האנד
א, הימעל! — וואס זאל דאס באדייטען?

וואס פאהרט ער ארום מיט דער שער אויף דיין לייב?
דאס איז דאך קיין צייטונגס־ארטיקעל!
ער שניידט דיר אין פלייש אריין — וועה איז צו מיר —
אוועק איז דאס טייערסטע שטיקעל.

# קאפּיטעל XXVII.

ווי מיר האָבען ווייטער פאַרבראַכט יענע נאַכט,
דאָס זאָל איך אצינדער ניט קווע‏לען;
אמאָל, אין א ווארימען זומער־טאָג וואו,
וועל איך עס אייך זיכער דערצעהלען.

דאַנקט גאָט, וואָס דער חנופה'שער דור געהט אוועק,
אויף יענער וועלט געהט ער אריבער.
דער דור, אונזער ליגנעריש־קראַנקער, שטאַרבט אָפּ;
קיין איינער פון איהם בלייבט ניט איבער.

א דור גאָר אַ נייער, א יונגער, וואַקסט אויף,
אַ דור, וואָס איז ווייט פון דעם אלטען;
איהם וועל איך דערצעהלען פון אלף ביז תו,
און קיין זאַך ניט דאַרפען באַהאַלטען.

שוין שפּראָצט יענע יוגענד, וואָס ליעבט און פאַרשטעהט
די אונשולד און גוטסקייט פון דיכטער;
די יוגענד, וואָס בענקט נאָך זיין ווארימען האַרץ,
וואָס טראָגט אין זיך הייליגע ליכטער.

דאָס האַרץ מיינס איז איידעל און גוט, ווי דאָס ליכט,
און הייליג, און ריין, ווי די זון איז.
עס האָבען די איידעלסטע זינגער אמאָל
געשטימט פון מיין האַרפע די סטרונעס.

אריסטאפהאנעס, מיין פאטער, האט שוין
גּעשפּיעלט אויף דער אייגענער הארפע;
געשפּיעלט האט ער אלערליי ליעדער אויף איהר:
אי צארטע, אי ווילדע, אי שארפע.

יא, דאס איז די הארפע, אויף וועלכער ער האט
דעם פיאסטערטעראס באזונגען,
וואס האט מיט זיין ווייב באזילעא אמאל
זיך הויך צו די הימלען געשוואונגען.

אין לעצטען קאפּיטעל האב איך זיך געפּרואווט
דעם שלום פון „די פויגעל" נאכאהמען;
„די פויגעל" — דאס שטיק איז דאס בעסטע פון אלע
אין זיינע געשריעבענע דראמען.

„די פרעש" — דאס איז אויך א געלונגענעס ווערק;
מען שפּיעלט עס אצינד אונטערטעניג,
אין דייטש איבערזעצט, אין דער הויפּטשטאדט בערלין,
אום לוסטיג צו מאכען דעם קעניג.

דאס שטיק איז דעם קעניג געפעלען, דאס ווייזט,
ווי שען זיין געשמאק איז ענטוויקעלט;
דער אלטער האט ליעב געהאט פרעש־קוואקעריי,
מאדערען צעהאקט און צעשטיקעלט.

דאס שטיק איז דעם קעניג געפעלען — און דאך,
דער אויטאר זאל זיין ניט געשטארבען,
וואלט איך איהם געראטען: ניט קום קיין בערלין,
אויב דו ווילסט ניט פאלען א קרבן.

דער אויטאָר וואָלט זיכער אצינד אין בערלין
גענהאט אַנ׳עמפּפאַנג גאָר א ווארמען;
מען וואָלט איהם אויך באלד אין באגלייטונג געזעהן
פון אונזערע איידלע זשאַנדארמען.

אויך וואָלט מען דעם נארישען עולם ערלויבט
צו זיעדלען זיך איבער דעם דיכטער,
דאן וואָלט מען באפוילען דער שטאָדט־פּאָליציי
צו ברענגען איהם גאָר פאר די ריכטער.

אָ, קעניג! איך מיין עס לטובה פאר דיר,
אַנ׳עצה דיר וויל איך איצט געבען:
די דיכטער די טויטע גיב כבוד אָפּ, יאָ,
נאָר טשעפּע ניט יענע, וואָס לעבען.

א דיכטער, וואָס לעבט נאָך — באליידיג איהם ניט.
א דיכטער אזא האָט כלי־זין,
וואָס זענען געפעהרליכער נאָך פונ׳ם בליץ,
ס׳איז שווער זיך פון איהם צו באפרייען.

באליידיג די געטער פון פריהער און איצט
און אלע אלימפּוסעם ליכטער;
באליידיג אפילו דעם אויבערשטען אויך,
באליידיג מיר נאָר ניט דעם דיכטער.

דו ווייסט, אז די געטער באשטראפען גאָר שווער
פאר מעשים, וואָס זענען פארבאָטען;
עס איז אויך ניט פרעהליך צו ווערען דערפאר
אין פייער פון גיהנום געבראָטען.

דאָך זענען נאָך טויטע צדיקים פאַרהאַן,
וואָס בעטען ביי גאָט פאַר דעם זינדער;
אויך שלעפּט איהם אמאָל פונ׳ם גיהנום אַרויס
די צדקה פון ווייב און פון קינדער.

און דער, וועמעס זינדען עס זענען צו גרויס,
דער וואַרט ביז משיח וועט בלאָזען,
און דאַן וועט ער אויך און מיט אַלעמען גלייך
אויף אייביג דאָס גיהנום פאַרלאָזען.

פאַרהאַנען איז אבער אַ גיהנום אזא,
וואו ס׳העלפט ניט-קיין צדקה, קיין בעטען;
דאָרט ליגט מען אין צרות — משיח אַליין
קען קיינעם פון דאָרטען ניט רעטען.

דאָס גיהנום פון דאַנטע — דו קענסט זיי געוויס,
די שורות, וואָס געהען אין דרייען,
האָט וועמען דער דיכטער אריינגעלעגט דאָרט,
וועט איהם שוין קיין גאָט ניט באַפרייען.

באַפרייען איהם וועט קיין משיח, קיין גאָט
פון אונזערע זינגענדע פלאַמען;
אַ, היט זיך, הערר קעניג, מיר זאָלען דיך ניט
צו אונזערם אַ גיהנום פאַרדאַמען.

# אַ פּאָר ווערטער פון די אַרויסגעבער.

מיט דעם בוך ווערט פאַרענדיגט די אויסגאַבע פון היינריך היינע'ס ווערק אין 8 בענד, וואָס מיר האָבען זיך אָנגענומען אַרויס־צוגעבען. אין די אַכט בענד, פאַרשטעהט זיך, האָט ניט געקענט אַריינגעהן אַלץ, וואָס היינריך היינע האָט אָנגעשריבען; מיר דענקען שפּעטער אַרויסצוגעבען אויך די איבעריגע ווערק היינע'ס, וואָס זענען ניט אַריין אין דער אויסגאַבע. די איצטיגע אַכט בענד וועלען אָבער שטענדיג באַטראַכט ווערען אַלס די הויפּט־אויסגאַבע פון היינריך היינע'ס ווערק אין אידיש, ווייל דאָס וויכטיגסטע, וואָס היינריך היינע האָט געשאַפען, די ווערק, מיט וועלכע ער איז געוואָרען באַריהמט, ווי אויך די, אין וועלכע עס האָט זיך באַזונדערס בולט אַרויסגעוויזען זיין אידישער גייסט און זיין טיפע נשמה — דאָס אַלץ געפינט זיך אין די איצטיגע 8 בענד.

אין דעם זין קענען מיר זאָגען, אַז מיר האָבען איצט שוין דעם גאַנצען היינע אַריבערגעפּלאַנצט אין דעם אייגענעם גאָר־טען פון אונזער אידישער ליטעראַטור.

ביי'ם אַרויסגעבען די ווערק האָבען מיר זיך געהאַלטען, ווי ווייט ס' איז געווען מעגליך נאָך דעם סדר פון דעם אָריגינאַל, מיט דעם אויסנאַם, וואָס אין זיבעטען באַנד איז פאַראַן אַן אָפּטיילונג אונטער'ן נאָמען „געמישטע ליעדער". אין אָריגינאַל איז אַזאַ אָפּטיילונג ניטאָ. אין אונזער אויסגאַבע געהען אַריין אַהין איינ־ציגע ליעדער פון פאַרשיעדענע אָפּטיילונגען.

ד י  א ר ו י ס ג ע ב ע ר.

# באמערקונגען.

## אטא טראל.

זייט 5 ברוטוס, קאסיוס, אסיניוס — באריהמטע נעמען פון דער רוימישער געשיכטע, מיט וועלכע דער פערפאסער רופט אן איראניש זיינע געגנער.

״ 13 באסקעזען — די אוראלטע איינוואהנער פון די פירענעען־בערג.

״ 14 קאנקאנירען — פון דעם ווארט „קאנקאן“, א באוואוס־טער אויסגעלאסענער טאנץ.

״ ״ Grande Chaumiere — א באוואוסטער אמוזירונגס־פלאץ אין פאריז.

״ ״ דאן קארלאס — דער אינגערער ברודער פון שפאנישען קעניג פערדינאנד דעם זיבעטען, וועלכער האט מלחמה געהאלטען מיט דעם קעניגס פרוי פאר'ן טראן.

״ ״ פאן שנאפאנסקי — א זידעל־נאמען, שטאמט פון א פראנצויזישען ווארט, וואס באדייט „טויגעניכטס“. מיט דעם נאמען מיינט דא היינע א געוויסען פרייסישען פירסט, וועלכער האט געדיענט אין דאן קארלאס'עס ארמיי און האט שפעטער אנגעשריבען זיינע ערינערונגען.

״ 20 פעגאזוס — דאס מיטאלאגישע פערד, אויף וועלכען עס פלעגען רייטען די מוזען.

״ 22 דוראנדא — דאס שווערד פון דעם לעגענדארישען העלד ראלאנד.

״ 24 לארטיאדער — לאערט'ס זוהן. דאס איז אדיסיי, דער העלד פון דער גריכישער פאעמא „אדיססיא“, וועלכער האט ארומגעוואנדערט 20 יאהר נאכאנאנד.

״ ״ פענעלאפע — אדיסיי'ס פרוי.

״ 29 באטאוויע — א נאמען פון א געוויסער מאלפע.

״ 44 דרואידען — פריסטער ביי געוויסע אלט־היידנישע פעל־קער.

״ 48 באיאדערען — אינדישע טענצערינס און זינגערינס (אין דער זעלביגער צייט זונות), וואס האבען געדיענט ביים טעמפעל.

״ 50 פאסאדע — א שפאנישער שענק.

זייט 50 אלעא־פאטרידא — אַ שפּאַניש געריכט, געמישט פון פארשידענע סאָרטען פלייש.

" 53 Lac-de-Gobe — אַ געוויסער לאנד־זיע.

" 54 „מומע“ — אַזאַ סאָרט ביער אין ברוינשווייג.

" 57 ארגאנאטען — די באגלייטער פון דעם לעגענדארישען גריכישען העלד יאַזאָן, וואָס זענען מיט איהם געפאָהרען אויפ׳ן שיף „אַרגאָ“, כדי צו עראָבערן די גאָלד־גרובען פון קאָלכים.

" 58 סטיקס — אַ טייך איבער וועלכען — נאָך דער גריכישער מיטאָלאָגיע — עס ווערען איבערגעשיפט אויף יענער וועלט די נשמות פון די געשטאָרבענע.

" " כאַראָן — איז דער נאָמען פון דעם שיפער.

" " פּראזערפינע — אַ געטין, אַ טאָכטער פון זעווס.

" 88 Cavalier Servante — פרויען באגלייטער.

" 116 Jardin - des - Plantes — אַ באוואוסטער באָטאַנישער גאָרטען אין פּאַריז.

" 122 בעללאָנאַ — געטין פון קריעג.

## דייטשלאנד.

" 12 גראף פאלערסלעבען — אַ דייטשער שריפטשטעלער אין היינע׳ס צייטען.

" 13 קערנער — אַ דייטשער פאטריאָטישער דיכטער אין נאַפּאָלעאָן׳ס צייטען.

" 14 יאהאנא פון מאנפאקאן — העלדין פון קאָצעבו׳ס אַ ראָמאַנטישע דראמא.

" 18 הוטטען דער גראף — מיטעלאלטערליכער דייטשער דיכטער, גראף הוטען.

" " האָכשטראטען — מיטעלאלטערליכער דייטשער שריפטשטעלער.

" 21 ביבעריך — אַ שטאָדט אין דייטשלאנד.

" " ניקלאס בעקער — פערפאסער פון אַ פּאַטריאָטישען ליעד, וואו עס ווערט באזונגען דער ריין.

" 41 קוויריטען — רוימישע עהרענבירגער.

" " וועסטא — געטין פון הויזליכען פייער און זיטליכקייט. אין איהר טעמפעל אין רוים האָט שטענדיג געמוזט אָנגעהאַלטען ווערען אַ פייער.

" " הארוספעקס — אַ רוימישער טרעפער, וועלכער פלעגט באגרינדען זיינע נביאות אויף געוויסע סימנים, וואָס ער האָט אויסגעפונען אויף די געדערים פון בהמות.

זייט 41 אוגור — אַ רוימישער טרעפער, וועלכער פלעגט שפּעטען זיין נבואה פון דעם פייגעלשען געפליה און געשריי.

〃 〃 הענגסטענבערג, נעאנדער — דייטשע טעאָלאָגען.

〃 42 בירכפייפער — אַ דייטשע שרייבערין.

〃 〃 ראומער — דייטשער היסטאָריקער.

〃 〃 סענעקא — רוימישער מאָראַליסט.

〃 〃 Cacatum non est pictum — געפּאטשקעט איז ניט געמאָלען.

〃 47 פּאַדערבאָרן — אַ דייטשע שטאָדט.

〃 51 ראטבארד — דער דייטשער קייזער פרידריך מיט'ן צונעמעניש „באַרבאַראָסא" (רויטע באָרד). וועגען איהם איז דאָ אַ לעגענדע, אַז ער שלאָפט מיט זיין אַרמיי אויפ'ן קיפהייזער בארג, וואָס ווערט דאָ דערמאָנט.

〃 58 Chi va piano, va sano — ווער עס געהט לאַנגזאם, געהט ריכטיג.

〃 59 זיבען־יעהריגער קריג. — דער קריג געגען פרידריך דעם גרויסען פון פּרייסען אין 1763—1756.

〃 〃 קארשין — אַ דייטשע דיכטערין

〃 70 דאנטאן — איינער פון די וויכטיגסטע אויפטוער אין דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציע. ווען מען האָט געזעהען, אַז זיין לעבען איז אין געפאהר, און מען האָט איהם געראַטען אנטלויפען, האָט ער געענטפערט, אַז „מען קען ניט אַוועקטראָגען מיט זיך דאָס פאטערלאנד אויף די זאָהלען פון די שטיוועל".

〃 71 זיין האָכוואָהלגעבאָרען — טיטול פון אַ הויך־געשטעלטער פערזאָן אין דייטשלאנד.

〃 〃 האָכטארישער לאָרד — געהויבענער קאָנסערוואַטיווער געזאָנענער לאָרד.

〃 81 איהם * * * — די שטערענדלעך מיינען אדאָלף גאָללע, סאלאמאָן היינע'ס אַ שוואָגער, וועלכער האָט היינריך היינע'ן אָנגעמאַכט אַ סך אונאַנגענעהמליכקייטען.

〃 〃 גומפעלינא — באנקיר, אַ משומד; פיגורירט אויך אין היינע'ס „רייזע בילדער". זיין ריכטיגער נאָמען איז געווען גומפעל.

〃 〃 אדאָניס — אין דער גריכישער מיטאָלאָגיע אַ יונגער בחור, וועמען די ווענוס האָט זעהר ליעב געהאט פאר זיין שענקייט. דאָ ווערט איראָניש אָנגעווענדט דער נאָמען אויף אַ געוויסע פערזאָן, וועלכע פיגורירט אין היינע'ס „רייזע בילדער".

〃 82 קאמפע — אַ באַוואוסטער פערלעגער.

〃 89 האמאָניא — דער לאטיינישער נאָמען פון האַמבורג.

## פעהלער-אויסבעסערונגען.

ד י י ט ש ל אַ נ ד.

זייט 14 יאָהאננע פון מאנטפאוסאן; דארף זיין ...פון **מאנטפאקאן**.

" " די גרעפין פאווקע און אוהלאנד טיעק — דעם גראף פוקע און אוהלאנד, טיעק.

" 73 אין אָוועננד צייט בין איך פון האמבורג אַוועק — ...**פון הארבורג** אַוועק.

# אינהאַלט: